מאַני לייב

# לידער
# און
# באַלאַדן

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תל־אביב׳ תשל״ז — 1977

# מאַני לייב דער ליריקער

## פראַגמענטן פון איציק מאַנגערס עסיי

מאַני לייב איז געווען דאָס שיינדל פון די „יונגע". דער ליריקער „פּאַר עקסעל־לאַנס". אַ מין יוסף צווישן די ברידער פּאָעטן, נאָר אָן דער קנאה פון די ביבלישע ברידער. פאַרקערט, די ברידער פּאָעטן האָבן זיך געגרויסט מיט אים. זיי האָבן אים אויך אָנגעטאָן דאָס זיידענע יחוס־העמדל, וואָס האָט אים געפּאַסט אויסגעצייכנט. ער האָט דאָס זיידענע העמדל געטראָגן מיט חן און מיט ווערדע אַ לעבן־לאַנג. אָנגע־הויבן פון זיין אויטאָ־פּאָרטרעט: „איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר און גרינע אויגן" ביז צו זיין עפּיטאַף: „דאָ ליגט הערש איציס זון מיט שערבלעך אויף די אויגן".

די פאַרערונג פון די ברידער פּאָעטן האָט זיך נישט אויסגעוועפּט אין גאַנג פון די יאָרן. זי האָט זיך געשטייגערט מיט יעדער נייער דערגרייכונג. און ווען מאַני לייב איז געשטאָרבן, האָט דער לעצטער פון דער אינטימער גרופּע „יונגע" זיך צעוויינט אויפן קול. אָט איז אָן אויסצוג פון ראובן אייזלאַנדס לאַמענט:

„מאַני לייב, מאַני לייב!

„הערלעכער מענטש, ווונדערלעכער חבר, פּרינץ פון ליד, ערשטער פון אַ דור, שייך און באַשיינער פון אַ תקופה!

„מאַני לייב, מאַני לייב! אַ ווונדער אין אונדזער בידנער גרויער וועלט."

ראובן אייזלאַנד רעכנט אויס די מענטשלעכע און פּאָעטישע קוואַליטעטן פון „פּרינץ פון ליד", וואָס איז געשטאָרבן ביי דער שוועל פון זיינע זיבעציק יאָר.

„מיט אַ קנייטש האָסטו געקענט עפענען טויערן, מיט אַ ניואַנס אַנטפּלעקן וועלטן. מיט אַ פּראָסט וואָרט זיך דערגרונטעווען צו טיפע פּלאָנטענישן. מיט דיין שטענדיקן אַקצענט אויף וועלטלעכקייט — עכט יידיש; מיט דיין גלייכגילט צו מאָראַל — טיף עטיש; מיט דיין יחידישקייט — אַלמענטשלעך און אַלוועלטלעך;

אין דיין ראָמאַנטישער דערהויבנקייט — מיט ביידע פיס אויף דער ערד; מיט שפּרונג און שווונג פון אַ הירש אַ צאַרטן, וואָס שטויסט מיטן האָרן אַ שטערן״.

די קריטיק ביי אונדז האָט באמת נישט געוווסט ווי אַזוי צו רעאַגירן אויף מאַני לייבס פּאָעזיע. זי האָט געטאַפּט אין דער פינצטער, כאָטש דאָס מאַני־לייבישע ליד איז געווען געגוג ליכטיק, אַז אַ בלינדער אַפילו האָט עס געקענט באַנעמען מיטן אויער און מורמלען: אוי, ווי שיין!

פאַר ליטעראַטורן מיט יאָרהונדערט־לאַנגע פּאָעטישע טראַדיציעס איז ווער־לענס דעוויז געווען אַ דערמאָנונג, אַז וואָרט און קלאַנג זענען אידענטיש; אַז די וואָרטקונסט איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון דער מוזיק; די פּאָעטן האָבן גענומען אויספּרווון זייערע שפּראַך־אינסטרומענטן. פאַר די פּאָעטן וואָס האָבן געפונען פּאָעטיש־מוזיקאַלישע טראַדיציעס אין זייערע אייגענע ליטעראַטורן, איז עס געווען גרינגער צו געפינען נייע וויבראַציעס, דינערע ניואַנסן.

וואָס פאַראַ טראַדיציעס האָבן געפונען די „יונגע״ אין אונדזער ליטעראַטור?

דאָס מוזיקאַלישע אין דער ייִדיש־פּאָעטישער טראַדיציע איז געווען דאָס ייִדישע פאָלקסליד. די „יונגע״ האָבן דאָס דערשפּירט און זיך דערפרייט מיט דעם פאָלקס־ליד. מאַני לייב און זישאַ לאַנדוי האָבן מיטן פאָלקסליד־קלאַנג אין די אויערן געשאַפן אמתע לירישע פּערל: לידער וואָס געהערן צו די שענסטע אין אונדזער ליטעראַטור.

אַחוץ דעם, האָבן שוין אַנדערע פּאָעטן פאַר די „יונגע״ אויספּרובירט די מוזיקאַלישע מעגלעכקייטן פון דער ייִדישער שפּראַך. רייזענס עטלעכע לירישע טענער האָבן פאַרמאָגט אַן עכטן גאָלד־קלאַנג. מאָריס ראָזענפעלדס פּויקטאַנץ און טראָמבאָן־ריטמען האָבן אָנגעזאָגט די דזשעז־מוזיק פון משה לייב האַלפּערין.

פון דעם אַלעמען איז געדרונגען אַז מאַני לייב איז נישט אַראָפּגעפאַלן פון הימל פלוצלונג, אומגעריכט און אַז ער איז נישט געווען קיין אורח פון דער פרעמד. ער האָט געהאַט וואָרצלען און אַ ייִדיש־פּאָעטישע טראַדיציע. זיין ליד איז געווען אַ שטאַפּל העכער, זיין ליד — אַ ראַפינירטע אַוואַנטורע, ווו שאָטן פאָרט זיך מיט שאָטן און די פּלייט מיטן האָרן.

מאַני לייב איז געווען דער פּרינץ „טשאַרמינג״ פון דער ייִדישער ליריק. יעדער מאָטיוו וואָס ער האָט אָנגערירט מיטן פינגער, האָט גענומען וויברירן מיט אַזאַ דין־ניואַנסירטער מעלאָדישקייט, וואָס איז געווען אַ וווּנדער איבער וווּנדער.

נעמט דאָס שניידער־מיידל־מאָטיוו אין דער ייִדישער פּאָעזיע פון פּרץ, ווינ־טשעווסקי, ראָזענפעלד, ביז מאַני לייבס „אויף דער פינפטער עוועניו״ — ליידער,

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ קענען מיר דאָס ליד דאָ נישט ציטירן. דער לייענער וועט עס געפינען אין בוך.

דער סאָציאַלער מאָטיוו איז אַ טראַדיציאָנעלער מאָטיוו אין דער יידישער פּאָעזיע. מאַני לייב מיידט אים נישט אויס. פאַרקערט, ער לייטערט אים, דערהייבט אים.

„אין הייזער אָרעמע איז דאָ אַזוי פיל שיינקייט", הייבט אָן מאַני לייב איינס פון זיינע ביז גאָר שיינע לידער. מאָריס ראָזענפעלד וואָלט געזאָגט „אין הייזער אָרעמע איז דאָ אַזוי פיל צאָרן"; אַברהם רייזען וואָלט געזונגען „אין הייזער אָרעמע איז דאָ אַזוי פיל גוטסקייט"; אוןביידע וואָלטן געזאָגט אַ פּאָעטישן אמת.

מאַני לייב גיט דער אָרעמקייט אַן עסטעטישן אַספּעקט „שיינקייט". איז אַ נייער אויפטו און ווידער אַ מאָל אמת — מאַני לייב האָט זי אַנטדעקט.

# איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר

איך האָב מיין מאַמעס שוואַרצע האָר און גרינע אויגן,
מיין טאַטנס איידעלע און דינע הענט;
און בלוט האָב איך אַזאַ, וואָס זינגט און ברענט,
דאָס בלוט פון מיינע זיידעס, ייִדן ביי דעם דניעפּר;
און אויף מיין קאָפּ — די נעכט, פאַרבראַכטע מיט חברים
אין בענקשאַפט נאָך דער צאַרטער, דינער לוסט;
און שאַרפע ציינער־צייכנס אויף מיין ברוסט
פון אַ פאַרטרויטער, ציטערדיקער פרוי.

# דיין ליכט

ניט אין דעם גרויען שטויב פון דיינע קלוגע ספרים,
און ניט אין דיינע הייליקע און שיינע קברים,
נאָר אין דיין גרויסן גורלס האַרטן אָנגעזיכט
האָב איך דערזען דיין ליכט.

און אין מיין מאַמעס אַלטע ליידנדיקע אויגן,
ווען זי האָט בענטשנדיק די דאַרע הענט פאַרבויגן
פאַר אירע ליכט פון שבת אויף מיין קינדס געזיכט,
האָב איך דערזען דיין ליכט.




וויניעטע פון קינסטלער יהודה טאַפּעל, צו מאַני לייבס אַ ליד

## די נאַכט

זי וועט אַרומגיין בלינדערהייט,
מיט בלינדע פינגער טאַפּנדיק
אין גאַסן אויסגעלאָשענע,
מיט בלינדע פינגער קלאַפּנדיק
אין פענצטער צוגעשלאָסענע.
זי וועט זיך זעצן ביי אַ פּלויט,
די שוואַרצע האָר צעשויבערן,
אויף עמעצן צו לויערן
און עמעצן פאַרצויבערן
און עמעצן באַדויערן.

## דער כּישוף...

דער כּישוף פֿון בייטן די ערטער,
צו מעסטן די גרייס פֿון דער ערד
— אין קורצן און אָרעמען לעבן
איז מיר ניט באַשערט.

דאָך האָב איך דעם כּישוף פֿון ווערטער,
פֿון ווערטער די פֿרייד און דעם צער,
— אין קורצן, אין אָרעמען לעבן
דאַנק איך דערפֿאַר.

## צו וועלכן האַפן?

צו וועלכן האַפן וועט דער ווינט אונדז ברענגען?
די וועלן הייבן זיך פאַר אונדזער שיף ווי טרעפּ.
ווי טרעפּ צו אָפּגרונטן. און שווערע נעפּלען הענגען
אויף אונדזערע געניויגטע קעפּ.

און ניט קיין לייכט־טורעמס. נאָר שווערע נעפּלען הענגען,
נאָר אָפּגרונטן דורך אָפּגרונטן, אָ, גאָט! דיין האַנט,
וואָס טרייבט די ווינטן אויפן ים, וועט אונדז ניט ברענגען,
אונדז, קליינינקע, צו אונדזער לאַנד?

## אויף דיין רוף

אויף דיין רוף צו מיין אייביקן וואַנדער
— אין דער ווייט אויף דער פינצטערער טיף
קער איך אָפּ פון דעם האַפן מיין שיף,
לאָז איך ברייט מיינע זעגלען פונאַנדער.

פאַר די אויגן אַ נייעס, אַ פרייען
— האָט די ווייט מיר געעפנט אַ וועג
און פון הינטן ווערט גרויער דער ברעג,
און די מעוועס אַלץ שטילערער שרייען.

## די בריק איז פוסט געווען

פאַר א. מ. פוקס

די בריק איז פוסט געווען. ס'איז נאַכט געווען. נאָר ווען ניט ווען פאַרביי
איז דורכגעפלויגן רוישיק, זינגענדיק אַ ליכטיקער טראַמוואַי,
און איך, און ער, אַ קליינינקער, מיט אַקסלען שמאָלינקע, ווי ביי אַ פרוי,
מיט לאַנגע האָר, מיט ברעמען שוואַרצע־שוואַרץ, מיט אויגן שאַרף און
גרוי, —

מיר זיינען אָנגעלענט געשטאַנען אויפן בריק ביים גרויען פלויט.
און פּריש, און קיל, און אָפן האָט אויף אונדז די שטילע נאַכט געוויט,
איך האָב גערויכערט אומרויִק, און ער — מיט צוטרוי און געבעט
האָט פון זיין ווייטן, ווייטן לאַנד פאַרבענקטערהייט גערעדט.
איך האָב גערויכערט. אונטן האָט דער טייך געאָטעמט שווער און טיף.
און דאָרטן ווייט האָט שלאַנגיש־קריכנדיק באַוויזן זיך אַ שיף...
און דאָרטן ווייט האָט פון דעם נעפּל קוים אַ האָפן זיך געבלייכט,
און פון דער וואַכעדיקער שטאָט האָט קוים דער ווייטער רויש געגרייכט —
און ער — ווי טיפער וואָלט ער נאָך דערפילט די בענקשאַפט צו זיין ווייטן
לאַנד,
האָט ער דריי שטילע, שטילע מאָל אַ קוש געטאָן מיין קאַלטע האַנט.

## דער טאָג פֿאַרגייט

דער טאָג פֿאַרגייט.
טו אָן אַ ווייסן קלייד,
און לאָז פֿונאַנדער דיינע צעפּ,
און אויפֿן קאָפּ צי אָן אַ שוואַרצע קרעפּ,
און טרייסל אָפּ פֿון טאָגעדיקן שטויב דיין זעל,
און גיי דריי טריט אַרוים פֿון דיין פֿאַרזאָרגטער שוועל.
די אויגן טרויעריק צום מערב־רוים געווענדט,
פֿאַרברעך אין תּפֿילהדיקן שווייגן דיינע הענט!
און מיט פֿאַרקלעמטע ליפּן שמייכל שטומערהייט:
„דער טאָג פֿאַרגייט!..״
דער טאָג פֿאַרגייט, דער טאָג פֿאַרגייט, ער מוז פֿאַרגיין.
און אויב דיר ווילט זיך וויינען, וויינען, וויינען, — וויין!
דער טאָג פֿאַרגייט.

## אָוונט־ליד

אָוונט מײַנער, אָוונט...
ווי אַ וואַנדערער אין שטויב
מיט אַ תּפֿילה און מיט לויב,
מיט זײַן שטעקן אין דער האַנט,
קערט צוריק זיך צו זײַן לאַנד, —
ווי די קו ביים לעצטן שטראַל
קומט פֿון פֿעלד צוריק אין שטאַל, —
אָוונט מײַנער, אָוונט...
פֿון דעם לאַנגן טאָג אַ מידער
צו דײַן שטילקייט פֿאַל איך צו,
אין דײַן שטילקייט איז מײַן רו.
וויגסט מיך אין דײַן שטילקייט אײַן
ביים לבֿנה־ווײַסן שײַן
ביז אין בלויען טאָג אַרײַן.
אָוונט מײַנער, אָוונט...

## מײַן װײַטער פֿרײַנט

פֿאַרװאָרפֿן ליגט די װעלט אַרום אין שנײען.
דער פֿראָסט האָט צוגעשמידט מײַן שװערע טיר.
קײן פֿײַער צינד איך איצט ניט אָן. עס גײען
פֿאַרטראַכטע שטילע שאָטנס אַרום מיר.
איך בין אַלײן. איך װאַרט און טראַכט פֿון דיר,
מײַן װײַטער פֿרײַנט פֿון מײַנע װינטער־װײען.

און מײַנע ליפּן, תּפֿילהדיק, דײַן נאָמען װעקן: —
מײַן פֿרײַנט, מײַן פֿרײַנט! — איך גײ צום פֿענצטער צו
איך זוך אין שנײ נאָך ניט־פֿאַרװײטע פֿלעקן
פֿון טריט, פֿון טריט געאײלטע ערגעץ װוּ. —
דאָרט ליגט דער שנײ אין װײסער קאַלטער רו.
דאָרט נעמט די נאַכט דעם שנײ מיט שטערן דעקן.

## ביים פענצטער

אַ שניי צעשפּרייט זיך אויף די גאַסן ווייס און ווייך און שטיל.
און ווייס און ווייך און שטיל שטייט אויף אין האַרצן אַ געפיל,
וואָס איך אַליין האָב לאַנג שוין, איין מאָל אין אַ בייזער צייט,
פאַרבאָרגן טיף אין האַרץ ביי מיר פון זיך און גאָט און לייט...
עד... ס'איז גוט ביים פענצטער איצטער זיצן אָן אַ ליכט:
ביים ווייכן בלויען שיין פון שניי ווערט שאַרפער דיין געזיכט,
און דיינע הענט — זיי ווערן אַזוי לאַנג, און בלייך און דאַר,
און דיינע אויגן... ווי איז מיר, דו ווייגסט? — דו נאַר, דו נאַר,
ווי וויינט זיך דאָס אַ גרויסער מענטש אין מיטן נאַכט אַזוי,
ווען אויף די שטומע גאַסן שפּרייט זיך אוים אַ שניי? —
כ'וועל אָנצינדן אַ ליכט... אויף יענער זייט פון אָקעאַן,
אויף יענער זייט, איז דאָרט אַ לאַנד אַזאַ פאַראַן,
און שניי איז דאָרט, און שניי איז דאָרט...

## הייב אויף די אויגן

הייב אויף די אויגן, זע: די נאַכט וועט באַלד פאַרהילן
די שטאָט ניו־יאָרק אין נעפּל בלוי און לייכט און ווייך.
און אין מיליאָנען פענצטער גאָלדיק־רויט און בלייך
באַלד וועלן זיך מיליאָנען לאָמפּן ליכט צעשפּילן.

און העל־באַלויכטענע די באַנען וועלן ברילן,
ווי שלאַנגען פליִענדיק דורך דעכער אין דער הייך,
און אונטן וועלן ראַיען זיך אין רעש, ליכט און רויך,
טראַמווייען, פורן, מענטשן און אויטאָמאָבילן.

און דיינע אויגן זענען קאַלט און אויסגעלאָשן.
זיי פירן דיך אין רעש פון די גאַסן אום,
נאָר פרעמד איז דיר די וועלט, וואָס רינגלט דיך אַרום.
דו הערסט אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן לשון,
דו הערסט, דאָס פרעמדע לעבן רעדט, נאָר שטום
די ליפּן דיינע זיינען — שטום און צוגעשלאָסן.

# שניי

ווייס און צאַרט ווי לאַנדיש,
טוייִק־פֿריש און ווייך,
שטראַליק, פּראָסטיק־בלייך,
בליט דער שניי אין גאָרטן.
גיי ניט אום אין גאָרטן,
אויב דיך לאָקט די לוסט: —
אויף מיין כּלהס ברוסט
וועט דיין שאָטן פֿאַלן!

## ים, רויש!

וואָס רוישט אַזוי דער ים?
ווייל אים איז דאָך באַשערט
די ברעגן פון דער ערד
צו טראָגן ווי אַ צאָם.

און איך — די ערד האָב איך
ווי אַ שאָלעכץ פון אַ נוס
צעטראָטן מיט מיין פוס,
געלאָזן הינטער זיך.

ים, רויש! מיין שטאָלצע שיף,
פון יעדן צאָם באַפרייט,
אָן אומרויִקע שניידט
דיין איינגעצאַמטע טיף.

## דיין ליכט

דאָס גרויסע איז פאַרגאַנגען
מיט אונדזער שיינעם חלום.
די נאַכט איז אויפגעגאַנגען —
אַ שאָטן אויף דער וועלט.

און אין דער נאַכט פאַרלאָז,
דורך ימען פון דער נאַכט,
דער ווינט האָט אויפגעבלאָזן
די זעגלען פון מיין שיף
און מיך צו דיר געבראַכט.

„אַן אַלטער און אַ מידער"...
— איך האָב געזוכט דעם חלום,
נאָר ביי דיין האַפן ווידער
געאַנקערט שטייט מיין שיף...

„דו האָסט מיין צער פאַרנומען,
מיין רוף האָט דיך געבראַכט"...
— איך בין אַרומגעשווומען
און האָב דערזען דיין ליכט
אויף ימען פון דער נאַכט...

## אין צווייטן צימער

אין צווייטן צימער קלינגט דער טעלעפאָן.
און עפּעס רוישן זיי און לאַכן (איצטער בליט
דער אָוונט אין מיין הייסן בלוט ווי רויטער מאָן)
און עפּעס רעדן זיי און צינדן פייער אָן,
און מיך דערמאָנען זיי גאָר ניט.

נאָר טאָמער קומען זיי מיך רופן טרינקען טיי? —
(דער אָוונט בליט ווי רויטער מאָן אין מיין געדאַנק)
איך וועל פאַרנייגן זיך פאַר זיי: אַ דאַנק, אַ דאַנק,
און עפּעס בעטן זיך און שווערן זיך פאַר זיי —
אַז איך בין איצטער זייער קראַנק.

## איצטער וואַך אויף...

מויערן שטיינערנע, פינצטערע, הויכע
קריכן אין פינצטערן הימל אַריין.
אָוונט און נעפּל, עלעקטרישער שיין,
אויגן געצונדענע, גרויסע און בלייכע;
אויבן די באַנען, אונטן טראַמווייען,
אויטאָמאָבילן און פרויען און פערד,
מישן זיך אויס אויף דער שטיינערנער ערד,
מישן זיך, רודערן, פינקלען און שרייען.

איצטער וואַך אויף פון דיין טאָגיקן דרימל,
זינדיקער, בלינדער און שוואַרצער פאַרלאַנג,
און ווי אַ פליגלדיק-פלאַמיקע שלאַנג
רייס זיך אַריבער דער שטאָט ביז אין הימל!

## דאַן בייג איך טיף

איך האָב דיך פיינט!... נאָר ווען פאַרוויגט און צערטלעך איינגעקושט,
דאָס קליינע בלאַסע קינד אין שטילער שמייכלדיקער רו
אַ רגע — עפנט אויף די אייגעלעך, אַ רגע — מאַכט זיי צו,
מיט שלאָפנדיקע ליפּלעך ציט זיך צו דיין ברוסט —

און פון די אויגן דיינע טרערן רינען שטיל אַראָפּ,
דאָס קינדערש פנימל באַטויענדיק מיט טרערן־טוי —
דאַן בייג איך טיף צו דיינע פיס, אָ מאַמע, אָט אַזוי
מיין זינדיקן, מיין זינדיקן, מיין אומגליקלעכן קאָפּ!

## זי שפילט

זי שפּילט. איך וויין. די לאַנגע ציטערדיקע פינגער,
ווי בלייכע לאַנדישן פאַרבענקטע אין דער פינצטער, —
פאַרבענקטע זוכן זיי און בלאָנדזשען און געפינען.
און מיינע קינדער וויינען, וויינען מיינע קינדער.

איך האָב אין אָוונט אָנגעטאָן זיי ווייסע העמדלעך,
און האָב געלייגט זיי שלאָפן און דעם לאָמפּ פאַרלאָשן,
די טיר פאַרשפּאַרט, אין האַנט געהאַלטן לאַנג דעם שליסל,
די טרעפּ אַראָפּ און בין אַהער אַזאַ געקומען.

זי שפּילט. איך וויין. די לאַנגע ציטערדיקע פינגער,
ווי בלייכע לאַנדישן פאַרבענקטע אין דער פינצטער, —
פאַרבענקטע זוכן זיי און בלאָנדזשען און געפינען.
און מיינע קינדער, קליינע, אין די ווייסע העמדלעך,
מיט די שלאָפנדיקע אייגלעך שטייען דאָ און וויינען,
מיט שלאָפנדיקע אייגלעך וויינען מיינע קינדער!

## אין פּאַרק

איך בין פון זייערע משוגענע געשרייען
אין פּאַרק אַנטלאָפן. האַרבסט. איצט גייט דאָ קיינער ניט.
די הענט פאַרלייגט אַזוי, מיט שטילע מידע טריט
גיי איך אַרום אין שטילע, ליידיקע אַלייען.

און די לבֿנה דורך די גרויע דאַרע צווייגן,
ווי איך — אַ רויִקע, ווי איך — אַליין און בלייך,
מיט ווייסע שטראַלן עפּעס כּישופט פון דער הייך,
און לייטערט אַרום מיר דאָס היטנדיקע שווייגן.

און מיד פון דער לבֿנהס כּישופדיקע שטראַלן,
אַ שטילער און אַ ציטערדיקער בלייב איך שטיין.
איך שטיי און האָרך — אַ גליקלעכער — און קען פאַרשטיין,
פאַר וואָס די שאָרכנדיקע געלע בלעטער פאַלן.

# ער

טרינק, טרינק מיין פאַרוואָגלטער גאון!
איך גיי מיר אַליין אויף מיין וועג.
איך וויים דאָך, אַז ער האָט באַשטימט מיינע טעג,
נאָר איך האָב באַשטימט מיינע שעהען.

די אויגן מיט ווייַן און מיט צאָרן
די האַנט אין דער לופט טוט אַ וויש
און פאַלט ווי אַ שטיין אויפן הילצערנעם טיש. —
און ער איז דאָ נעלם געוואָרן.

נאָר שפּעטער, — מיך מיט מיין שגעון,
ווען איך וועל זיך שלעפּן דורך טעג,
וועט ער דאָך מיך אָפּהיטן איינעם אין וועג...
הוי, טרינק, מיין פאַרוואָגלטער גאון!

# דו האָסט אין דער ווייט

דו האָסט אין דער ווייט פון מיין וועג מיר אַ שיין אָנגעצונדן,
כאָטש דו ביסט קיין מאָל ניט געווען און וועסט קיין מאָל ניט זיין.
און איך בין געגאַנגען צום שיין אויסגעמאַטערט אין וווּנדן —
ווייל כ׳האָב דיך געזען אין דעם שיין.

אָט האָב איך דערגרייכט שוין דעם שיין — און דער שיין איז פאַרשווּונדן,
בין איך אין דער פינצטער געפאַלן פאַרלאָזט און אַליין,
האָסטו זיך געניגט איבער מיר און מיט ליבע געקושט מיינע וווּנדן,
און איך האָב געהערט דיין געוויין.

## טויבנשטילע

טויבנשטילע, בלויע אָונטשטונדן!
שפּרייט פּאַר מיר מיין אָונט־טרוים צעשפּרייטער!
איצטער... איצטער ברענען רויטער, רויטער
מיינע שטילע רויזן — מיינע ווּנדן.

איצטער שטאַרבט אין גאַסן דער געפּילדער;
טריט און ווערטער הילכן שטילער, ווייכער,
אויגן, בענקענדיק נאָך אויגן, קוקן בלייכער,
הענט אין הענט געדריקטע רעדן עפּעס מילדער.

איצטער ווערט מיין בענקשאַפט גאָלד געצונדן.
הייסער ווערט מיין בלוט, מיין אויג ווערט ברייטער!
איצטער... איצטער ברענען רויטער, רויטער
מיינע רויטע רויזן — מיינע ווּנדן!

## דאָ, אין די שטילע אַלייען

דאָ, אין די שטילע אַלייען,
דו מיט דיין פינצטערן בלוט
שוייג, דאָ איז רויִק און גוט.

שוייג און פאַרנעם די געשרייען:
ווילד, אין דער נאַכט, און צו גאָט
שרייט עס די נאַכטיקע שטאָט.

וויינסט... אין די שטילע אַלייען
וויינען דער האַרבסט און די רו,
בלעטער פאַרוועלקטע און דו.

## דער וואָס אַקערט

דער וואָס אַקערט, דער וואָס זייט,
אין דער זון און אין דעם ווינט —
דער פאַרגרייט זיין זאַטן ברויט
פאַר זיין קינד און פאַר זיין רינד.

פאַר מיין קינד און פאַר מיין רינד
ניט געאַקערט ניט געזייט, —
אין דער זון און אין דעם ווינט
ליגן מיינע פעלדער טויט.

מיינע פעלדער — מיינע טעג,
ווו אַ נאַקעטע — די נויט
אויף איר אומוועג, אויף איר וועג,
מיט איר קרומען מעסער גייט.

## דורך געוויין פון קינדער

פון אַ ווייטן טרוים פאַרבלענדט,
ווי אַן אונטערצינדער,
אין די שאָטנס פון די ווענט,
דורך געוויין פון קינדער —
אויף דעם שטויביקן גראַניט
שאַר איך זיך מיט שטילע טריט.

אָוונט, פייערן, אין רוים
קוק איך ווי אַ בלינדער:
אין די טאָלן פון מיין טרוים
וואַקסן מיינע קינדער,
און די קינדער וויינען ניט...
שאַר איך זיך מיט שטילע טריט.

## וואַרט ניט...

וואַרט ניט. מיין אָרט איז ניט דאָ.
אפשר וועל איך אַ דערווייטערטער
אין דיין געחלומטער שעה
אויפגיין פאַר דיר אַ געלייטערטער.

גלייך ווי דער שטערן אין רוים,
ערגעץ אין רוים אַ פאַרשוווּנדענער,
פלוצלונג שיינט אויף ווי אַ טרוים
ציטערנדיק, העל אַ געצונדענער.

גלייך ווי דער וואָלקן פאַרשווינדט
ערגעץ אין וועג פון זיין וואַנדערן:
און אַז עס ברענגט אים דער ווינט,
זעסטו אין אים שוין אַן אַנדערן.

## פאַרשטייסט?

קיין ווערטער דאַרף מען ניט... צו וואָס די ווערטער,
אַז ווי אַ דאָרן, דאָ פאַר דיין געזיכט,
דיין אומגליק אַ באַשטימטער, אַ באַשערטער
פון אַלע פינצטערנישן קריכט.

דיין אומגליק קריכט אויף דיר... צו וואָס די ווערטער,
אַז אין דעם שווייגן ליגט אַזוי פיל טרייסט —
די אויגן דיינע ווערן איידעלער, פאַרקלערטער
און צער געלייטערטער... פאַרשטייסט?

## איך בין דיינער

איך בין דיינער אַזאַ ליכטיקער, אַ שיינער,
מיט דעם ריינעם שמייכל פון אַ קינד;
מיט דער בלינדער ערד פון מיינע הויט און ביינער,
מיט דעם סם פון מיינע שוואַרצע זינד;
מיט מיין העלן דמיון ווי אַ רעגנבויגן,
וואָס פאַרבלענדט, באַזעליקט און באַצווינגט;
מיט דעם גרויען וואָלקנדל פון מיינע אויגן,
וווּ דער הימל און די זרע זינגט...

# איך שטיי ביי מיין טויער אַליין

איך שטיי ביי מיין טויער אַליין,
אין הויז האָב איך מורא צו גיין.

מיין הויז איז פאַרלאָזן און טויט,
ביז איבער די פענצטער פאַרשנייט,

די ווענט מיינע זיינען אין אייז,
דעם דיל מיינעם גריזשען די מייז;

און עמעץ אַ בלייכער און שטום
שפּאַנט איבער די צימערן אום

און קוקט אין דעם שפּיגל זיך איין
און זיפצט אין פאַרבאָרגענעם פּיין;

און קניט פאַר מיין לײדיקן בעט,
און שטרעקט זיינע הענט אין געבעט.

און רעדט פון געטוענע זינד
און וויינט ווי אַ קינד, ווי אַ קינד. —

## אָ, איך ווייס...

אָ, איך ווייס דאָך, אַז זייערע רייד
איז פון ווונדן דער טויבער געשריי
אין דעם עלנט פון טאָג —
נאָר אין אָוונט מיין אייגענע פרייד
ווי אַ גנב טראָג איך פון זיי.

ווען די נאַכט ווי אַ שומר פאַרשפאַרט
אַלע טירן פון זייער געשריי
אין דעם עלנט פון נאַכט —
אין מיין ווינקל, מיין טונקעלן, עפן איך צאַרט
די טיר פון מיין תּפילה פאַר זיי.

## ביי די ווייסע טישן

ביי די ווייסע טישן בין איך לאַנג געזעסן
און געקוקט אין אויגן און גערעדט, גערעדט,
און אויף יענע אויגן האָב איך זיך פאַרגעסן.
ביז דער אַלטער קעלנער האָט מיר אויפן אויער
מיט אַ גוטן שמייכל און מיט שטילן טרויער
אַ פאַרשולדיקטער פאַרטרויט מיר: שפּעט...

— נו, אַ גוטן!... מאָרגן וועל איך ווידער קומען.
גאַסן, נאַכט. אַ נעפּל האָט געווייט, געווייט.
גאַסן. און פון נעפּל זענען אויפגעשווומען
אויגן. יענע אויגן, ליכטיקע אין טרערן
און ווי פירנדיקע, שיינענדיקע שטערן,
מיך אַהיים, אַ קליינינקן, באַגלייט.

## איצטער ווייס איך

איצטער ווייס איך: וועל איך וועלן,
וועל איך רופן, וועסטו קומען —
ווי מיין אומגליק וועסטו קומען
און וועסט זיך פאַר מיינע שוועלן שטעלן.
וועט מיין בייזער שמייכל שטרויכלען
דיך פאַר אַלע מיינע ליידן, —
וועסטו ליידן מיינע ליידן,
און וועסט, אומגליק, מיט מיין שמייכל שמייכלען.

## אַ רוף אין דער לופטן

נאָר אַ וואָרף טאָן אַ רוף אין דער לופטן,
נאָר אַ צייכן אַזאַ מיט די הענט, —
און איך הער דיינע שלייערן דופטן,
און דיין קוש אויף מיין שטערן ברענט.

און ביים שוועל פון געליטערטע שעהען
אַלע אומגליקן ליגן ווי הינט;
און די פיין, ווי די ראָב ביי פּאָען,
שרייט און וויינט מיטן ווינט און אַנטרינט.

## מיין ווייסע פרייד

העי, איר ביי מיינע הויכע טויערן,
די גאַנצע נאַכט מיט פאַקלען וואַכט!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצן שלייערן
דאַרף קומען היינט צו מיר ביי נאַכט.

פליט מיין ווייסע פרייד אין שליטן
מיט די זיבן ווייסע פערד,
אירע שלייערן צעשיטן
ווייסע ווינטן אויף דער ערד,
און זי יאָגט די ווייסע פערד.

העי, איר, פראַלט אויף די הויכע טויערן,
שפּאַנט אוים די פערד ביי מיר אין הויף.
מיין ווייסע פרייד אין דרייצן שלייערן
ברענגט מיר אַהער, און וועקט מיך אויף!

ביי דעם בלויען, ביי דעם רויטן,
שטילן פייער פון קאַמין —
פאַלט איין שלייער נאָך אַ צווייטן,
דרייצן. — זעסטו ווי איך בין!? —
און זי וואַרפט זיי אין קאַמין.

העי, איר, פאַרשפּאַרט די הויכע טויערן,
גייט שלאָפט ווי הינט אין אייער שעה!
מיין ווייסע פרייד אין דרייצן שלייערן
איז איצט מיט מיר אַזאַ אַ־דאַ.

# דאָס טרויעריקע בלוי

ווי אַ שמעטערלינג אין אָוונט,
פאַרפּישופּט פון די טרויעריקע לאָמפּן,
אַזוי האָט זי די בלוי פאַרפּישופּט,
די בלוי, די טרויעריקע פון פּאָעטן.

און איך בין אַ פּאָעט. און וועמעס בלוי
איז פּישופּדיק און טרויעריק ווי מיינע?
און וועמעס בלוי איז אין דיין ערשטן אָוונט
אויף דיינע שליימע זומפּן אויפגעגאַנגען?

דאָס איז געווען מיין טרויעריקע בלוי.

ווייל ווען דער נעפּל איבער דיינע זומפּן
האָט בלינד פאַרפּלאָנטערט מיינע שטעגן,
מיט שוואַכע פליגלען אינעם נעפּל,
אַ קלייניקע, פאַרלוירן אינעם נעפּל,
האָסטו דערזען מיין פּישופּדיקע בלוי:
און לייכט, אַ גאָלדענע, געפלאַטערט צו מיין בלוי,
און אַ געלייטערטע, געפלאַקערט אין מיין בלוי,
ביז יענער שעה — ווען אַלע פאַרבן שטאַרבן.

## עפנט מיר אייערע טירן

— !עפנט מיר אייערע טירן
פון מיין געצייכנטן וועג
האָב איך געלאָזט זיך פֿאַרפירן
ביז מיינע האַרבסטיקע טעג.

איך בין אַרוים אין מיין זומער
:רוישיק און גרוים ווי אַ טייך
ליכטיקע פרייד פון מיין זומער
האָב איך געטראָגן צו אייך.

האָב איך געלאָזט זיך פֿאַרפירן
— .פון מיין געצייכנטן וועג
עפנט מיר אייערע טירן
!אין מיינע האַרבסטיקע טעג

דאָ פֿאַר די טירן אַ ווילדער
,ליג איך ווי ווייַנריב פֿאַרשפרייט
און ווי דער ווייַנריב דער ווילדער
.טראָג איך די שיינקייט פון טויט

## זעסט: דאָס בין איך...

זעסט: דאָס בין איך, דאָס בין איך,
האַרבסטיק, ווי וויינריב דער רויטער:
פאַר דיינע הירשענע שיך
דריי איך זיך ווילד אַ פאַרשפּרייטער.

טרעט מיט די הירשענע שיך! —
זעסט ווי איך גאַר דאָ אַ גרייטער,
און ווי איך דריי זיך און קריך
האַרבסטיק ווי וויינריב דער רויטער.

זעסט? אָט אַזאַ אָ בין איך!
באַלד וועל איך ליגן אַ טויטער
אונטער די הירשענע שיך
שנייִק, אין שניי אַ פאַרשנייטער.

## איך בין דער ווייַנריב

איך בין דער ווייַנריב דער ווילדער.
גיי אויף ביי דעם פּלויט פון דיין הויף,
קלעטער אַ רויטער, אַ ווילדער
ביז דיינע פענצטער אַרויף.

אויף דיינע דילן זיך לייגן,
הויכן אין שאָרך פון דיין קלייד;
בלייכן זיך אין דיינע אויגן,
טרויערן פון דיינע רייד.

לויערן פון דיינע לאָמפּן,
האַרבסטיק און גרין ווי אַ שפּין;
אויפגיין פאַרקלערט ווי די לאָמפּן
אַשיק אין פלאַם פון קאַמין.

ליגן אַ בלייכער, אַ טויטער,
אויף דיינע שויבן אין שניי.
שנייִיק אין שניי אַ פאַרשנייטער,
ווייַנען צו דיר פון דעם שניי.

# האַרבסט

מיין האַרבסט אין בלייכן גאָלד. די זון איז ווייט און קאַלט,
מיין זון איז טרויעריק, דער פּאַרק איז גרוי און אַלט
און שטיל, נאָר אין זיין שטילקייט, ווי זיין לעצטער זיפץ,
דאָס לעצטע געלע, שאָרכנדיקע בלעטל פאַלט,
דאָס לעצטע בלעטל פאַלט.

פאַרלאָזן איז דער פּאַרק. נאָר אויף אַן אַלטער באַנק
אַן אומבאַקאַנטער זיצט. אין גרויען, גרוי און קראַנק,
געבויגן אויף זיין שטעקן נידעריק זיין קאָפּ,
ווי פון דער שווערער האַנט פון עפּעס אַ געדאַנק.
געדאַנק אין גרויען האַרבסט! —

אָ, רו אין גרויען האַרבסט! ווּ רוט דיין ווייטער ברעג?
אין יענער בלינדער ערד פון אויפגעפּראַלטע טעג?
אין יענעם קלוגן הימל מיט זיין שטילער זון?
אין יענעם אָוונט מיט זיין שטערן אויף דעם וועג?
אין אָוונט אויף דעם וועג.

ניין, ניין... אין ווילדן וויינריב. דאָרטן ביי דעם פּלויט,
מיט שוואַרצע דערנער קריכט ער אויסגעשפּרייט און רויט
און קלעטערט אום אין פּאַרק, ווי לעצטע טראָפּנס בלוט
אויף בעטנדיקע ליפּן אין דער שעה פון טויט.
אָ, פילגעגאַרטע שעה!

דער טויט איז שיין. פון זקן און פון קליינעם קינד.
נאָר ביי דעם קבֿרל די מאַמע יאָמערט בלינד.
און דאָרטן, דורך דעם גרין, ווּהין די זון פאַרגייט,
דעם טאַטנס אויגן לייטערן זיין שווערע זינד.
נאָר אייביק איז די זינד.

די זינד פון טאַטעס: סם, ווי שטאָל פון שאַרפן שווערד.
מיט ווילדע גראָזן שפּראָצט זי פון דעם זיידנס ערד,
און פון די טעכטערס אויגן בליצט זי בלוי און שוואַרץ,
און פון די אייניקלעכס געקרויזטע בערד.
און בלוטיקט אין געבורט.

און טראָפּנט פון דער מאַמעס ווייסער מילך אַרויס
און שמייכלט פון די וויגן, וואַקסט פון וויגן אויס
און טאַנצט אין גאַסן־לידער אין די קינדער־טענץ
און בליט אויף ווי אַ לאַנדיש אין דער כּלהס שוים.
און אייביק ווײנט די נאַכט.

אָן בערד, ווי בלייכע ווייבער, שלייכן זיי אַרום,
אויף אַלע בלינדע וועגן נישטערן זיי שטום.
מיט שרעק אין אַלטע טעמפּלען קוקן זיי אַריין,
ווו דער געווירץ פון זיידנס תּפילה פלאַטערט פרום.
און זיי, וואָס ווייסן זיי!

זאָל תּפילה טאָן די פרוי, דער נביא און דער נאַר.
די פרוי פאַר אירע טרערן, איר דערגרייכטן שׂכר,
דער נביא פאַר דעם נאַר. דער נאַר פאַר זיינע הענט,
וואָס שרייען מיט די אָדערן פאַר גאָט אין צער —
און מיר אין אונדזער צער. —

איבער אַלטע ספרים זיצן מיר פאַרבלענדט,
מיט בלייכע קעפּ געלענט אויף דינע ווייסע הענט
און זוכן דאָרט דאָס וואָרט, וואָס אין דעם שטויב פון טעג
האָט אין זיין שטומען כּישוף זיך אַליין פאַרברענט.
נאָר אייביק איז דאָס וואָרט.

ווייל פון דער זונהס אויגן האָט דאָס וואָרט גערעדט
אין אָוונטן, אויף ראָגס אין ברענענדיקע שטעט,
און אויף די מערק פון בעטלערס לעבערדיקן זאַק
און פון סימבאָלן ביי דעם מיסטישן פּאָעט.
אין סימבאָלן פון אַלץ.

דער ליין אין בלויען פעלד. די קניימשן אויף אַ מאַנס געזיכט,
אויף זומפן־פייערלעך. אין ווייטע פענצטער ליכט.
דער באַיאָנעט, וואָס שטעכט אין הארצן פון דער זון.
און די לבנה, וואָס אין בלייכע הייכן קריכט,
לבנה־ליכט אין האַרבסט!

אויף אונדזער קראַנקער שיף די טרויעריקע פאָן.
די נאַכט. דער גרויער האַפן צינדט זיך נאָענט אָן,
די פייערן. די ערד. אויף אונדזער ליבער ערד
ווי קינדער בלייבן מיר און דאַרפן עפּעס טאָן.
און גליקלעך שמייכלען מיר.

זאָל שמייכלען אונדז דער האַפן אין דיין שטילן לאַנד!
און דאָרטן רוט דיין שטאָט. באַקאַנט און אומבאַקאַנט.
דיין הויף, דער לאָמפּ, דיין רו און רייד.
און אין דיין קאַלטער האַנט אַ וואַרטנדיקע האַנט.
נאָר איינזאַם איז אַ האַנט.

ביים שוואַכן וואָרצל פון דיין יִינגלשן פאַרלאַנג
ליגט שטיל געקנוילט די זעונג, ווי אַ שוואַרצע שלאַנג.
נאָר אַז דער אָוונט ווײנט ביים גרינעם קרייז פון לאָמפּ,
אין יעדן לייכטן שאָרך, אין יעדן ווייטן קלאַנג,
דיין זעונג שלייכט פאַרביי.

די שווערע גרינע לאָדנס האָט די נאַכט פאַרמאַכט.
און אויף דעם ווייסן בעט דאָס בלייכע יִנגל וואַכט,
די אויגן אין דער פינצטער גאַרן, וואַרטן שטום
אויף יענער גוטער ליבער זעונג פון דער נאַכט.
נאָר איינזאַם איז אַ האַנט.

און ווייכע צימערן, און שעמעוודיקע רייד,
און רו פון בלויען זייד אין ווייעדיקן קלייד,
און הענט ווי ווייסע לאַנדישן, וואָס וואַקסן אין דער נאַכט.
און ביים לבנה־שיין די תּפֿילהדיקע פרייד.
און ווייסע הייסע נעכט.

און נעכט ביי ווייסע ליכט. די אויגן רויט ווי וויין,
און ווײַן אין שוואַרצע נעכט פון ערשט דערקענטן פּיין;
דאָס רויטע פינטעלע, וואָס דרייט דעם קראַקאָוויאַק
און צימבלט, צימבלט, צימבלט ביז ער דרעמלט איין
ביים שוועל פון גרויען האַרבסט.

אַ בלעטל פאַלט. אין שלייערן פון דינעם רויך,
אין וואָלקנדלעך סאַנדאַלן נידערט לייכט און ווייך
די קראַנקע נאַכט. איר פאַקל אויף די בלייכע טרעפּ
גייט אויף דורך נעפּל די לבנה אין דער הייך.
און ווידער זיפצט דער פאַרק.

דאָס זיפצט די קראַנקע נאַכט. דער פאַרק איז אַלט און גרוי.
דאָס זיפצן ווייטע טריט, און שטילערער פון טוי,
פאַרשטאַרבן ווייט אין פאַרק. דער אומבאַקאַנטער האָרכט.
אַ פרוי... און ווערט פאַרשווונדן ערגעץ מיט דער פרוי...
אָ, האַרבסט אין בלייכן גאָלד!

# דאָס וואָרט

אין בלוט און פּיין בין איך געבוירן
פון אַ געבענטשטער מוטער'ס טראַכט.
אַ שטומער, איינציק ווי אַ דאָרן,
אין אַ לבנהדיקער נאַכט.

נאָר דו האָסט מיר דאָס וואָרט געגעבן
פאַר מיינע ליפּצן, גרויסער גאָט,
וואָס פירט מיך פון מיין שטומען לעבן
אַרויסצושטראַלן אין דיין גנאָד.

## אַ האַנט אין אַ האַנט

איך בין אויף דער ערד מיט מיין לעבן געקומען אויף אייביק פֿאַרבלייבן,
מיין בלוט צו פֿאַרזייען אויף דורות, די צייט זאָל אין שטויב ניט פֿאַרווישן;
און דאָ קריך איך אום מיט מיין טאָרבע די פרייד און נדבות צו קלייבן
און ווייַן ביים גן־עדן פֿאַרטריבן און נאַקעט ווי אדם הראשון.

די רייכקייט — זי בלענדט מיינע אויגן אין האַנט פון מיין נאָענטן שכן,
פון פעלדער און שייערם די שפע, די זעט פון די פריילעכע טישן;
און דאָ דאַרף איך זויגן פון קנאה דעם הינטישן מאָגערן קנאָכן
און ברויט אין דעם שוויים פון מיין פנים צו עסן ווי אדם הראשון.

און דו — אין מיין שפלן לעבן פון קאַרגע געבעטלטע פריידן,
מיט וועמען איך טייל מיינע טרערן, מיין מזל, מיין ברויט און מיין קישן, —
מיר שטייען אַ האַנט אין אַ האַנט ביי דער טיר פון פֿאַרשפּילטן גן־עדן,
פֿאַרזינדיקט ווי חוה די מוטער, פֿאַרשאָלטן ווי אדם הראשון.

## אומרו

שׂרפות איבער אַלע האָריזאָנטן שטרייפן,
פעלקער ראַנגלען זיך פאַר רום און ברויט.
ווינטלעך רייצן מיט דעם דופט פון קילן טויט.
און די פוילע פייגל פאַר מיין פענצטער פייפן.
און די גרינע עפּל אויף דיביימער רייפן.

ווייטע וואָלקנס טראָגן פולע בייכער רויך,
ראָזע פייערן פון אַלע עקן נענען:
אַלטע שטעט און גרינע דערפער ברענען.
און דער מולד אויף זיין האָרן צערטלדיק און ווייך
וויגט מיין רו און וויגט מיין אומרו אין זיין הייך.

## אָ, מזל בייזער דו...

פון מיינע העלע פעלדער, פון מיין זוניק לאַנד,
האָט מיך דורך קרומע גרויע טרעפ אַהער פאַרנאַרט —
אָ, מזל בייזער דו! — דיין בייזע האַרטע האַנט,
און האָט מיך דאָ אין גרויען קרייז פון טעג פאַרשפאַרט.

אין גרויען קרייז פון קריכן פאַרן האַרטן ברויט,
און שמייכלען מיט די גוטע אומעטיקע פריינט;
און וואָיען ווי דער הונט ביים שייער אויף דער קייט
אין נעכט, ווען העלער, געלער די לבנה שיינט.

## שיינקייט

אָרעם, איינגעשפּאַרט און גלייביק
און דורך אַלע פּיינען ריין,
בין איך אייערער אויף אייביק,
וויסער ביין פון אייער ביין.

אין דעם יאָך פון גרויער קליינקייט —
צו דעם מינדסטן בין איך גלייך;
נאָר אין ליידן פאַר דער שיינקייט
בין איך אויסגעטיילט פון אייך.

שיינקייט אויף דער ערד, וואָס וואָגלט,
ווײנט פאַרשעמט פון יעדן אָרט,
ברענג איך אייך אַ פולן לאָגל
אין דער שיינקייט פון דעם וואָרט.

## אַ זעונג

אויף דער וועלט, אין די חרובע שטעט,
פון דעם מיסט און פאַרבלוטיקטע שטיינער,
נאָך דעם זיג — אין דעם הייליקן טאָג —
נעמען ציִען זיך ביינער צו ביינער;
און פון מיסט הייבט זיך אויף אַ סקעלעט
און בלייבט שטיין אויף אַ חרובן ראָג.

און מיט טרוקענע ביינערנע הענט
גראָבט ער אוים פון די בלוטיקע מיסטן
אַ צעטראָטענע בלוטיקע פאָן,
און ער הייבט זי צום הימל, צום וויסטן;
און די זון, וואָס זי האָט נאָך געברענט,
האָט אַ שמייכל געטאָן פון איר טראָן.

האָט דער שמייכל דאָס גאָלד און דעם גלוט
פון דער פאָן יענעם רוף דעם גערעכטן:
„פאַר דעם פרידן פאַר אַלע" געוועקט.
נעמען ביינער מיט ביינער זיך פלעכטן, —
שטייען אויף אַלטע העלדן מיט מוט,
מיט די ביינערנע פויסטן געשטרעקט.

און דורך וועלט, דורך די חרובע שטעט,
איבער וויסטע פאַרבלוטיקטע שטיינער,
נאָך דעם זיג — אין דעם הייליקן טאָג, —
ווי אַ מאָל גייען העלדן — פון ביינער;
און פון מיסט, איבער זיי, דער סקעלעט
וויקלט העכער די פאָן אויפן ראָג.

## דו, מיין האַר...

דו, מיין האַר, מיין באַהאַלטענער שׂונא! איך זע דיך פֿאַרבאָרגן
אין דעם ווינט, וואָס אַרום, אומעטום און אין אַלץ:
אין מיין אומרו פֿון שלאָף, אין מיין טונקעלן שרעק פֿון פֿרימאָרגן,
אין מיין מי דורכן טאָג, אין מיין ברויט מיט מיין זאַלץ.

קום אַרויס מיט די אויגן און שאַרף קוק מיר גלייך אין די אויגן:
זאָלן אויגן זיך קרייצן — אַ פֿייל מיט אַ שווערד.
ווען עמעס קני וועט אַ ציטער טאָן — דער זאָל זיך אומעטיק נייגן
מיט זיין ערלעכן בלוט אויף דער בלוטיקער ערד.

קום אַרויס, איך בין גרייט, און געשאַרפֿט איז מיין פֿייל;
איך בין דאָ — צו דער זון אַ פֿאַרשאָלטענער זייל.

# אין דער נאַכט

דו ביסט געשטאָרבן יונגערהייט אַ שטאָלצער אויף דער תּליה.
דיין שיינעם טויט האָט נאָר געזען דער תּליון און די נאַכט.
און ווען די נאַכט האָט אונדז די בשׂורה פון דיין טויט געבראַכט,
מיר האָבן אָן אַ טרער און שטום נאָך דיר געריסן קריעה, —
און שטום און בייזע עפּעס בלוטיקס האָבן מיר פאַרטראַכט.

און איין מאָל אין אַ שוואַרצער נאַכט, ווי קריכנדיקע שלאַנגען
געלויערט האָבן מיר די טריט פון שוואַרצן פיינט;
און שיפּענדיק ווי שלאַנגען האָבן מיר געשווירן: היינט!
און אַז די זון פאַר טאָג אין פולן גאָלד איז אויפגעגאַנגען, —
האָט אין דער זון אונדז שמייכלענדיק דיין שיין געזיכט געשיינט.

## טעג

דעם בלוטיקן מעסער, דעם מאָרד פון די טעג,
ניט איך האָב געזען:
אַ צווייטער, וואָס ער איז אַראָפּ פון זיין וועג
און איז נאָר מיין גאַסט דאָ געווען.
דערפאַר איז מיין גאַסט דאָ ביי מיר אויף די הענט
געשטאָרבן פון שרעק.
און איך האָב נאָך אים וואַקס און קנויטן געברענט
אין טרויער, וואָס ער איז אַוועק...
דער מעסער — דער מולד שיינט איבער מיין דאַך
פון הימלישן תהום...
און טעג זיינען שוואַנען געצערטלט און שוואַך,
קוים, קוים וואָס זיי וועקן דעם שטראָם...

# שטילער, שטילער

זישאַ לאַנדוין

שטילער, שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שווייגט און האַלט דעם אָטעם איין.

פון דער טיפער נאַכט אַרויס
און פון קיינעם ניט געהערט,
וועט ער אויף אַ ווייסן פערד
קומען שטיל צו אונדזער הויז.

פון זיין לויטערן געזיכט
און זיין קלאָרן ווייסן קלייד
ווייען וועט אויף אונדז די פרייד,
פאַלן וועט אויף אונדז זיין ליכט.

זייט נאָר שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שטייט און האַלט דעם אָטעם איין.

אויב מען האָט אונדז אָפּגענאַרט,
און מען האָט אונדז אויסגעלאַכט,
און די גאַנצע לאַנגע נאַכט
האָבן מיר אומזיסט געוואַרט, —

וועלן מיר אין אונדזער בראָך
בייגן זיך צום האַרטן דיל
און מיר וועלן שווייגן שטיל,
שטילער נאָך און שטילער נאָך.

זייט זשע שטילער! רעדט ניט הויך!
שטייט געבויגן שוואַרץ און בלייך,
איינגעבויגענע אין פּיין,
שטייט און האַלט דעם אָטעם איין...

# פון שטויב

פון שטויב האָט גאָט מיך אויפגעהויבן
אוּן מיך דערהויבן צווישן אייך,
אַז איך זאָל אייער כּבוד לויבן,
אַז איך זאָל גרויסן אייער נאָמען,
אַז ווען איך וועל ניט זיין מיט אייך,
זאָל זיין מיט אייך מיין נאָמען. אמן.

## גאָט באַהיט

שטילער, שטילער, באַהאַלט די טרערן,
גאָט, אונדז אַלעמען באַהיט,
אַז זיי זאָלן נאָך דערהערן
אין דעם אויפגיין פון די שטערן
אונדזער אַלעמענס געמיט, —
גאָט, אונדז אַלעמען באַהיט!

שטילער, שטילער, באַהאַלט די טרערן,
גאָט, אונדז אַלעמען באַהיט,
אַז זיי זאָלן נאָך דערהערן
אין דעם שיינען פון די שטערן
זיינע קומענדיקע טריט. —
גאָט, אונדז אַלעמען באַהיט!

## די ווינטער־נויט

נאָך שלאָפט די גרויע גאַס אין קעלט און שניי געשמידט...
דער ווינט — אַ היימלאָזער — אים איינעם שלאָפט זיך ניט,
און ווי די גאַנצע נאַכט טרייבט ער אין גאַס זיך אום
און ווייט מיט שניי און שטויב און וואָיעט בייז און שטום...

און אין די מויערן די מענטשן ווערן וואַך,
און קליינע פייערלעך אין פענצטער פינקלען שוואַך,
און אויף די מויערן צעציט זיך ווי אַ שטריק
אַ לאַנגער הייזעריקער פייף פון אַ פאַבריק.

ווער איז דאָס יענע ערשטע אין דעם נייעם טאָג,
וואָס איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע אויפן ראָג,
און קוקט זיך אום אַרום, מיט אויגן — סם און האַס,
און לאָזט אַוועק זיך שפּאַנען אין דער לענג פון גאַס?

דאָס איז די אַלטע, קאַלטע ווינטער־נויט;
זי כאַפּט זיך אויף די ערשטע שעלטנדיקערהייט,
זי קומט אין גאַס די ערשטע, שעלט אַזוי און שפּאַנט
און טראָגט אַן עמער קוילן אין איר דאַרער האַנט.

## דער טאָג

דער טאָג האָט מיך פֿון מידן שלאָף אַרויסגעשלעפּט באַגינען.
איך רייב די אויגן ווי אַ חיה מיט די וואַכע הענט.
און ערשטע, שאַרפֿע בלויקייטן אין מײַנע אויגן רינען,
און אַלטע זאָרגן פֿירן מיך אויף שטריק אַרויס פֿון מײַנע ווענט.

נאָר אַז איך בין דעם גרויען עגבער-טרעפּ אַראָפּגעלאָפֿן,
גיב איך מײַן צייכן צו דער וועלט — און ווי נאָך מײַן געבאָט,
בלענדט אויף די זון אויף אַלע גאַסן אויפֿגעפּראַלט און אָפֿן,
און ראַש, אויף אַלע אירע רעדער רעדערט אויף די שטאָט.

## צוויי גוטע הענט

איך האָב צוויי גוטע הענט — מײַן איינציקער פֿאַרמעג, —
צוויי בלייכע, שווײַגנדיקע, צוויי געטרײַע קנעכט:
זיי טוען אַלץ פֿאַר מיר אין נויט פֿון מײַנע טעג,
און רוען בײַ מײַן זײַט אין מײַנע מידע נעכט.

און וווּנדער טוען זיי — אַזוי ווי דער אַליין,
וואָס וווּנדער אָטעמט ער אין זייער בלוט און ביין.

אָ, הענט, געטרײַע קנעכט! — זײַט מיר געזונט און שטאַרק! —
איך גיי פֿאַרקויפֿן אײַך צום הענדלער אויפֿן מאַרק.

# איך בין קליין

איך בין קליין, איך בין נישטיק און אָרעם.
אונטער זייער געפּאַנצערטן פערד
ליג איך שטום און פאַרלאָזט ווי אַ וואָרעם
אין דעם שטויב פון מיין עלנדער ערד.

נאָר אין פּיין פון די אָפענע ווונדן
שטאָלץ באַהאַלט איך מיין שטומען געשריי;
און די אויגן, פון שׂנאה געצונדן,
קוקן קאַלט מיט פאַראַכטונג אויף זיי. —

ווייל די וועלט פון מיין ערד איז מיר טייער,
ווי מיין טראָפּן פאַרגאָסענע בלוט;
אין פרימאָרגן, אין מזרח, דאָס פייער,
און אין אָוונט, אין מערב, די גלות.

און די וואָלקנדלעך בלויע, וואָס שלייכן
דאָרט הויך, אויפן לופטיקן וועג,
און דער נעפּל, וואָס גרויט אויף די טייכן,
אין פאַרנעפּלטע, האַרבסטיקע טעג.

## די מאַשין

די מאַשין. דאָס געצייג.
ווענט אַן ציגל — מיין שטייג.

און מיין בלוט פון די הענט
הייליק טריפט פון די ווענט.

נאָר מיין בלוט פון מיין זעל
טריפט אויף יענער זייט שוועל.

נאָר סיי דאָרט און סיי דאָ
טריפט דאָס בלוט פון מיין שעה.

## אין דיין רוישיקן ראָד

דריי זיך, דריי, מיין מאַשין! דריי און דריי און פאַרדריי
אין דיין רוישיקן ראָד, אין דיין שטאָלענעם שפּון;
פון די הענט מיינע בלייבע די צאַרטקייט פון שניי
און פון מיינע אויגן די זון פון מיין זון.

און דעם שניי פון מיין ליד און די זון פון מיין ליד.
פון די טעג — מיינע קנאָספּן מיט גרין און מיט ראָז.
ביז מיין לעבן, אַן פליגלען, פאַרלאָשן און מיד,
דעקט דער קבר — מיין הויקער — אין טרויער פון גראָז.

# אויף דער פינפטער עוועניו

אויף דער פינפטער עוועניו, אין אַ ווייסן מויער,
אין אַ ווייסן מויער, אויפן דרייצנטן שטאָק,
נייען מיידלעך און וואַרטן אין דער בלייכקייט פון טרויער,
אויפן פוילן סיגנאַל פונעם אָוונט-גלאָק.

נאָר דער גלאָק שלאָפט פויל אין אַ זומפּ פון שטונדן,
און דער טאָג ליגט קראַנק אין דעם שטיין פון ווענט,
און די נאָדלען וויינען און באַוויינען ווונדן,
און דער זייד שאָרכט, שאָרכט אין די מיידלשע הענט.

ווייסער זייד, ראָזער זייד, פיאָלעטער און בלויער,
און די נאָדלען וויינען דין, דין און טויב.
און די זון אויף די פענצטער אין דער בלייכקייט פון טרויער
קריכט אין הייסע זיילן פון גרינעם שטויב.

און די נאָדלען וויינען און באַוויינען ווונדן.
און דער זייד שאָרכט, שאָרכט אין די מיידלשע הענט.
און דער טאָג ליגט קראַנק אין די ווונדן פון שטונדן
איבער מיידלשע הענט, אינעם שטיין פון די ווענט.

## דאָס בלויע פערדל

אַ ווייסער מלאך, אין מיטן דער נאַכט,
האָט מיר פונעם לאַנד פון לבנה געבראַכט
דאָס קליינע, בלויע פערדל.

דאָס בלויע פערדל מיט אויגן — רובין,
מיט פיס פון הירשן, ווי פיילן דין,
מיט זילבערנע אונטערשמידלעך.

דאָס בלויע פערדל זאָטל איך אָן,
מיין רויטן פורפל טו איך מיר אָן.
ברייטער, נאַכטיקער טויער!

דאָס בלויע פערדל מיט די ווינטן פליט,
די ערד ווי אַ בויגן פליט מיט, פליט מיט
צום לאַנד פון בלויע לידער.

## אין איר שטראַל

צו דער זון ניט דערגרייכט האָט מיין פליגל,
אין איר שטראַל האָב איך אָבער געשטראַלט:
אויף דער ערד, ווי אין ליכט פון אַ שפּיגל,
איז אויף אייביק פאַרקריצט מיין געשטאַלט.

מיין געשטאַלט, ווי אַ שאָטן אַ דינער,
פון מיין זון דורך די אָדערן ברענט.
אויגן — נעפּל געזוניקטער, גרינער,
ווי אין חלום צוויי יינגלשע הענט.

## אַ רוף אַ ווייטער

מיך האָט אויפגעוועקט אַ רוף אַ ווייטער,
העלער קופּער פון אַ שאַלנדיקן האָרן,
איילנדיקער גאַלאָפּירן פון אַ רייטער,
און דער בלויער שטאָל פון פאַנצערן און שפּאָרן.

און אויף רויטעביימער זענען דורכגעפלויגן
קלויען — ראָזער פייער און אַן עק אַ בלויער.
און אויף געלע לאַנען־טייכלעך בלויע אויגן,
זון אין רויך און רויטע קרייטעכער און טרויער.

## אינדיאַנער זומער

דער שייטערהויפן פון מיין אינדיאַנער זומער
אין טראָפּנס גאָלד און רינגען רויך דערברענט.
דעם לעצטן שטערן־קויל אַ שטומער און אַ פרומער,
אין אַש פאַרשאַר איך מיט פאַרברווינטע הענט.

און נאַכט און דערפער. אויף לבנהדיקע פליימן
די גרילן שפילן טרויער אויף מיין זעל.
אויף ווייסן גראָז ביי אויפגעבליטע פלויטן
די קירבעסן ווי די לבנות געל.

און ביימער — בלויער וואַקס — אין קילער הוילקייט שטראַלן
ווי גלייכע ליכט, ווי פאָרכטיקע פאַר גאָט.
און שטילקייט צייכנט שאַרף פון וועלקן בלאַט דאָס פאַלן,
און שאַרפער נאָך די אומרו פון מיין טראָט.

## קום, פשטות...

קום, פשטות קלאָרע, מיט דיין בלאַנקן מעסער,
שנייד אויף דעם שוואַרצן פלאָנטער פון מיין זעל;
מיין וועלט פון אונטער טונקעלע און שווערע שלעסער
זאָל אויפשטראַלן פאַר מיר, ווי זונען פאַר מיין שוועל.

און וואָס אין טיפער פינצטערניש פון מיינע אויגן
איז בלינד, פאַרבלענדט געווען, פאַרהוילט און פרעמד,
זאָל ווערן קלאָר פאַר מיר, ווי ליכט פון רעגנבויגן
און ווי דאָס ווייסע לייוונט פון מיין העמד.

און אַלע לעבעדיקע און ניט לעבעדיקע זאַכן,
וואָס ליגן ווייט פון מיר און אָפּגעווענדט —
דערנען, דעק אויף ווי ריינע וואַסער-פלאַכן,
ווי מיינע ליבע צען פינגער פון די הענט.

און אויף מיין ענגער ערד פון ניט-דערשעפּטן טרויער
די שטים פון אַלץ, וואָס ליגט אין צער געשמידט,
ווי בלוט צו בלוט זאָל קלינגען צו מיין אויער
און אין מיין וואָרט געלייטערט דורך מיין ליד.

## די שיינקייט

שטומע טרער, ביזן דעק ביסטו ביטער,
וועק די שיינקייט, וואָס דו האַלטסט פאַרהוילן!
ניין, זי וואַרט אויף איר זינגער דעם ריטער
אין אַ ליד פון איר ליכט צו דערציילן.

הימלבלוי, ברייטער אוים דיינע הייכן,
דאָס בין איך יענער ריטער דער זינגער,
פון איר ליכט קום איך שרייבן איר צייכן
אויף דיין בלוי מיט מיין נאַקעטן פינגער.

## די באַלאַדע פון אויגן

זיי האָבן אַלץ געזען און ליכטיק אָפּגעשפּיגלט
די טויזנט פאַרבן פון דער וווּנדערלעכער וועלט,
און אויף דער בלינדער פאַרב פון שוואַרץ זיך אָפּגעשטעלט
און מיט דער בלינדער פאַרב אויף אייביק זיך פאַרזיגלט.

נאָר אָפּט, ווי פון אַ שלאָף, דורך רויטן און דורך בלויען,
ווי פון אַ ווייטער שׂרפה גיט פאַר זיי אַ בלענד
די ווייסע טרויעריקייט פון פאַרטרויטע הענט,
און דעמאָלט וויינען זיי נאָך פאַרביקייט פון פרויען.

# נאַכט־ליד

איבער בערג און איבער טאָלן
מיט איר לאָגל ליכט
אין אַ מילגרוים אויפגעשוואָלן
די לבנה קריכט.

צו מיין שוועל איז זי פאַרקראָכן
און ביז מיין געביין;
אַלע שלעסער אויפגעבראָכן
פון מיין זיין אַליין.

אַך, לבנה, אין דיין וואָגל
זוכסטו ווייטע פריינט? —
גיב מיר טרינקען פון דיין לאָגל
קאַלטע ליכט, וואָס שיינט!

און די גאַנצע נאַכט אין איינעם
אייביק בלייבן מיר.
זאָלן שלאָפן בייזע שכנים
הינטער אונדזער טיר.

און ווי קרייטעך די רכילות
פאַר מיין פענצטער דאָרט.
נאָר אַ פריינט אויף מיינע תפילות
האָט זיך ניט דערוואָרט.

אַז די זון וועט אונדז צעשיידן,
פון אַ שכנס דאַך —
גיי מיט עלנט פון אונדזביידן
און מיין טיר פאַרמאַך.

# בין איך פאַרלאָרן?

בין איך פאַרלאָרן? קוק אין מיינע אויגן,
וואָס גרינען נאָך מיט ליבע און מיט סם.
און הער מיין ליד — אַ שטראַל פון רעגנבויגן,
געוואָרפן איבער טריקעניש און ים.

נאָר אָפט מאָל פאַל איך צו דער ערד אַ מידער,
אַן אָקס אין יאָך, מיט ביידע שוואַרצע הענט;
די אויגן מיינע, מיינע אַלע גלידער,
ווי דערנער ליגן קאַלט און אויסגעברענט.

איז קאָן איך אַזוי לייכט אַריבערהייבן
מיין לעצטן כוח איבער יאָך און נויט.
באַלויכטן בין איך אין מיין שטילן גלויבן —
מיט זאַלץ פון שווייס צו הייליקן מיין ברויט.

נאָר אָפט, נאָר זייער אָפט בין איך פאַרלאָרן
אין לאַנגוויל פון געזיכטער און פון טעג.
ניט מיט זיין זילבער זינגט אין זעל מיין האָרן,
נאָר זויער זעגט אַ הייזעריקע זעג.

איז קאָן איך אַזוי לייכט אַריבערטרעטן
צו יענער לויזער אָפגענויגטער שעה.
דאָס זיץ איך מיט נביאים און פאָעטן
אין רונדן קרייזל מיט דער טאַלי־האָ.

אַזוי און אַנדערש פלאַטער איך און שטרויכל,
און צאָל מיט צינדז פאַר יעדן טראָט און טאָט.
דאָ בליט מיין צער און דאָ גייט אויף מיין שמייכל,
און פאָרכטיק בין איך, ווי דאָס גרינע בלאַט.

דעריבער גיי און איך וועל גיין באַזונדער.
מיין וואָגשאָל צייכנט, ווען איך פאַל און שטייג.
און מיך, אזא, אַן איינציקן באַוווּנדער
אָ, מוסרניק־פּאָעט, און שווייג!

## מיין פֿאַנצער...

מיין פֿאַנצער אַנטקעגן די טאָגיקע שרייער
טו איך אוים פֿאַר דער שוועל פֿון מיין טונקעלן טאָל.
דאָס וואַקסענע ליכט פֿון פֿאַרנאַכטיקן פֿייער
לעשט אין מיינע אויגן דעם גיפֿטיקן שטאָל...
און פֿרידן און רו — צוויי וואָלקנדלעך שטילע
גייען אויף פֿון מיין טאָל, ווי צוויי הייליקע שאָף,
און ווי טוי צו לבנה־ליכט רויכערט מיין תּפֿילה
דעם ווייררויך פֿון טרויער נאָך ברויט און נאָך שלאָף.

## פֿון כּישוף צו כּישוף...

אַריבער די מעשׂים און רייד,
און איבער דער טונקעלער וואָר, —
באַלויכטן אין העכערער פֿרייד,
פֿאַרנעם איך עס אָפּט אַזוי קלאָר
און נאָענט ווי פֿון באָרד מיינע האָר:
אַז חומר — די ערד מיט איר ליים,
און וואָס פֿון איר יוירט און געדייט:
דער וואָרעם, די חיה, דער בוים,
דער פֿויגל, די זון און איר קנויט, —
זיי גייען דורך מיר ווי אַ קייט
פֿון כּישוף צום כּישוף פֿון טויט;
אַז איך בין דער טיגל פֿון אַלץ,
די ווייסקייט אין אַלעמענס זאַלץ.

## שורות אַכט

קורצע שיינע שורות אַכט
זאָגן מערער ווי אַ בוך,
אויב איך האָב דאָס וואָרט געבראַכט
פאַר דער שיינקייט, וואָס איך זוך.
שוואַרצער שוויים פון מיינע הענט —
שפריי, וואָס טראָפנט פון דער בלוי,
ווי די זון די גאַנצע ברענט
אין דעם מינדסטן טראָפן טוי.

ניין, דו האָסט ניט אויסגעשעפּט
אַלע ימען מיט אַ קאַן,
אויך דאָס וואָרט ליגט אויסגעוועפּט
וווּ די שיינקייט איז פאַראַן.
נאָר די שיינקייט קומט דאָך ניט,
ווי אַ רעגן קומט אַליין:
כּישוף זי פון דיין געמיט,
ווי דעם פונק פון קיזלשטיין.

כּישוף — זיבן מאָל אַ דריי —
קומט דאָס וואָרט אויף מיין געשריי,
ברענגט די שיינקייט מיטן ווינט!
קלויען פלאַטערן געשווינט;
און געזאָטלט און געשפּאַנט
מיטן כּישוף ביי דער זייט,
רייט די שיינקייט אויפן וואָרט —
גאָטס אַ רייטער פון דער ווייט.

## נאָר בענקשאַפט...

קיין ברויט און פּוטער פעלט אונדז מער שוין ניט.
און שעהען האָבן מיר גענוג אויף רוען;
און שוואַרצע גייציקייט פאַרסמט ניט דאָס געמיט
אין אַלץ, פון וואָס מיר חלומען און טוען.

נאָר בענקשאַפט, וואָס נאָך יעדן וואָלקן ציט
מיט לויטערע, מיט אויפגעפראַלטע אויגן,
אין אונדזער בלוט ווי ווייַן ווי יונגער בליט
און רופט אונדז אויפן לעצטן רעגנבויגן,
וואָס איבער אונדז אין אַלע פאַרבן גליט,
און הילכט פון אונטער אונדזערע גערייצטע טריט.

## איך בין דער ריטער

איך בין דער ריטער פון געבענקטער בלוי,
אויף גאָטס ראָזע, הייליקע וועגן.
מיין בענקשאַפט איז ווייס ווי די מילך און טוי
און זיס ווי דער האָניק-רעגן.

מיין פאַנצער, מיין שווערד, — מיין וואָרט און מיין בלוט.
מיין צייכן — דאָס גרין פון צעדער;
דער הויכער הימל — מיין בלויער הוט,
די זון — מיין גאָלדענע פעדער.

## עלנט

דאָס גראָז איז שטיל און פייכט און גרוי פון טוי.
דער שטעגל ציט צום ים אַ שמאָלער, אויסגעטראָטן,
אין דער לבנה ווייס. און ווי מיין שטילער שאָטן,
שטיל, קליין, געטריי גייט ביי מיין זייט אַ פרוי.

דער ים איז עלנט. און זיין עלנט שרייט
צו דער לבנה. עלנט פירט צום האָפן שיפן.
אין עלנט וואַנדלט די לבנה איבער טיפן,
ווי איך און ווי די פרוי — מיין שאָטן ביי מיין זייט.

## איך רוף זיי שוין ניט מער

איך רוף זיי שוין ניט מער אין פיין פון מיין באַרוטער זעל.
פון זייער שוואַרצן טאָל, ווי בעטלערינס מיט זעק,
פאַרשטויבטע קומען זיי און קלאַפן אין מיין שוועל,
און וואַרטן, מאָנען, ווי די בייזע קלעק.

און איך — וואָס איך האָב אַלעמען פאַר אַלץ באַצאָלט —
איך קום צו זיי אַרויס, און וואַרף זיי אין די זעק
פון מיין געקרוינטער רו די לעצטע קווינטן גאָלד.
איצט גייט. און פריילעך גייען זיי אַוועק.

## פרימאָרגן

זוניקע אויג מיט איר שטאָל
רייסט די פאַרטאָגיקע בלוי.
אונטן, אין שיסל פון טאָל
רויכערט דער מאָרגן מיט טוי.

דאָ, אויף מיין באַרג, צו מיין הייל
קריכט שוין מיין טאָג פאַר מיין שוועל;
קריכט, ווי אַ שלאַנג פון איר רינג
ניי אין איר בלענדיקער פעל.

און מיט זיין גאָלדענער צונג
לעקט פון מיין שטיוול די זויל,
לעקט ביז דער ווונד פון מיין זעל.

## תפילות...

וויין פון דעם שיכּורן היי,
ווייסע לבנהשע ליכט.
טוי מיט דער קילקייט פון שניי
וואַרעמט און לעשט מיין געזיכט.

שטיל. נאָר פון וועלדל דער קוואַל
קוואַלכלט און וויגלט די רו.
און פונעם שאָטן פון שטאַל
קייט, מעלה-גרהט די קו.

גאָט, ווי די קו בין איך שטום,
און ווי דער קוואַל פאַר דיין טראַכט
תפילות צו רוימען אַרום
צינד איך ווי ליכט אין דער נאַכט.

# איך האָב ליב

איך האָב ליב די מעוברתע ווייבער
מיט די בייכער פאַרשפּיצט און געשוואָלן,
ווען זיי שלעפּן די טאָפּלטע לייבער
ווי די קי אויף די גראָזיקע טאָלן.

וועלכע זיכערקייט טראָגן זיי אַלע
אין די אויגן, וואָס שטראַלן ווי קוואַלן!
זיי שמעקן מיט מילך און מיט קאַלע,
ווי זומער פאַר נאַכט אין די שטאַלן.

דו, מיט די אויגן ווי שטאָלענע שפּיצן,
דו פאַרגעסט ביי דער שׂרפה פון וווּנדן,
אַז די רויזן פון זייערע ציצן,
זענען אויף דיינע ליפּן געצונדן.

## מיינע אויגן אין אייערע שלייפן...

ווי נאָך טויבן די קעץ אויף די הויפן
ברענען גרין מיט די אויגן צום דאַך —
מיינע אויגן אין אייערע שלייפן
ברענען גרין פון מיין ערדישער פלאַך.

קומט מיט אייער דערנענונג דערפרייען,
ווי פאַר גאָט, זייט איר אַלע מיר גוט ;
פון מיין פינצטערן בלוט די געשרייען
זאָל נאָר הערן איר מילך און איר בלוט.

און צו איר פאַר די פיס וועל איך לייגן
מיין עשירות — מיין הוילן געביין,
און מיין חכמה — מיין פייל און מיין בויגן,
און מיין באָרד — מיין מאַנסבילשע קרוין.

מיט די הויפנס געצונדענע פליגל,
וועל איך צינדן די קאַלטלעכע בריסט,
ווייכער וואַקס, הייסער שטאָלענער זיגל,
פרייד פון פייער און פרייד וואָס פאַרוויסט.

און אַז אָפענע בלענדן די לענדן
מיטן גאָלד מיטן צייטיקן גרייט,
וועל איך אויפלויכטן, ברענען און בלענדן
ווי פון וואַקס-ליכט דער ליינענער קנויט.

און צוויי לייבער — צוויי גאָלדענע גאַרבן,
אונטער הימלען — פאַררויכערטן גלאָז,
זאָלן שטילע פאַרשטאַרבן און שטאַרבן
אין דעם יאָמער פון האַרבסטיקן גראָז.

מיט רויזן אויף אייערע קעפּ, —
אין שטילע אין ליכטיקע רייען,
ניט שלייכט מער פאַרביי דורך מיין לעבן
און וועקט ניט מיין נאָמען!
איך הער שוין אייך ניט,
איך האָב שוין מער גאָרניט פאַר אייך.
און מיין פרייד מיט די קינדערשע אויגן
האָב איך אויפן ליבן בית־עולם
פון אייערע שמייכלען באַגראָבן.
און איר, ווי די קלאָגמוטערס,
מיט בלייכע פאַרבראָכענע הענט,
די אויגן פאַרלאָשן, מיט טרערן,
אין טונקעלע ציכטיקע קליידער,
מיט אַש פונעם האַרבסט אויף די קעפּ, —
ניט וויינט פאַר מיין שוועל
און מאָנט ניט, וואָס איך האָב גענומען פון אייך,
און וואָס איר אַליין האָט געגעבן.
איך האָב דאָך פאַר אייערע טרערן באַצאָלט
מיטן גאָלד פון מיין זומער.
און איצט איז דאָך האַרבסט, —
דאָס גאָלד איז צעשטויבט מיטן ווינט:
און איצט איז דאָך האַרבסט פון מיין לעבן.
און איצט איז אָוונט — מיין אָוונט.
און איצט איז מיין פענצטער פאַרצויגן
אויף נאַכט מיט אַ פאָרהאַנג, —
און באַלד גיי איך שלאָפן.
אָ, גאָט, שיק נאָר שלאָף מיינע אויגן!
און איר, ניט־דערגרייכטע,
מיט ווייסע און אָפענע פליגל, —
פאַרשלייערטע לייכטע געשטאַלטן,

וואָס קומען נאָר איין מאָל אין חלום
צום יונגן און וואַכיקן בלוט,
וואָס אייך האָט מיין בלוט דאָך געזען, —
ניט פלאַטערט מער איבער מיין שלאָף
און וועקט ניט די רו פון מיין נאַכט!
און רעגט ניט די רו פון מיין טאָג —
דעם טאָג פון מיין ווינטער, —
ווען איך וועל אין וואַרעמקייט לעצטער,
אין שיין פון דער זון פון דער וועלט,
אַן אַלטינקער זיצן ביים טויער,
אַ גרויער, פאַר גאָט און פאַר לייטן,
אין שוים מיט אַ רויִקן שמייכל
מיין קליינינקן אייניקל האַלטן
און קוקן איבער זיין קעפּל
אין נעפּל פון אייביקע ווייטן.

## אַלץ איז געווען

אַלץ איז געווען און — אַוועק:
ליבע — ווי שׂרפֿות אין נעכט.
טרערן — ווי בלוט פֿון די וואָלקן.

שׂרפֿות און בלוט
האָבן געפֿלאַקערט
אין גאָלדענער גלוט;
האָבן געפֿלאַקערט,
איבערגעפֿלאַקערט
און איבערגעברענט,
און זיינען געשטאָרבן
אויף מיינע הענט.
און זייער אַש
קיל, קאַלט און גרוי,
אַנידערגעלייגט
אויף זיבן שטרוי;
אַנידערגעלייגט,
שבעה געזעסן,
געוויינט און באַוויינט
און — פֿאַרגעסן.

נאָר אין וואַכן זכרון
צאַנקט נאָך, ווי שאַרף פֿון אַ דאָרן,
דאָס, וואָס עס איז ניט געווען,
נאָר וואָס מיין בלוט האָט געזען.

## מײַן סוף...

איך זע באַשײנפּערלעך מײַן טרויעריקן סוף,
מיט אַלע מײַנע אויגן זע איך אים, פֿאַרוואָר:
אין מײַן געקאַרגטן ברויט, אין אומרו פֿון מײַן שלאָף,
אין וואַקסן פֿון מײַן קינד און גרויען פֿון מײַן האָר.

און ניט דאָס גיט מיר פֿרייד, און ניט דאָס גיט מיר צער,
פֿאַרוואָר, און קײן באַלײדיקונג אַפֿילו ניט...
מײַן סוף זאָל נאָר ניט זײַן דער סוף פֿון יענעם נאַר,
וואָרעם וואָס יענער היט — האָב איך דאָך ניט געהיט!

## זיבן ברידער

מיר זיינען זיבן ברידער,
מיט גרויע און מיט בלויע אויגן.
דריי ברידער זיינען ווי טאָפּאָלן,
בייגיק, הויך און שלאַנק,
מיט פאַררײסענע, שיינע, שטאָלצע קעפּ.
דריי ברידער זיינען ווי די צוקערביימער,
מיט די זיסע וואָרצלען אויף דער ערד.
און איך — דער זינגער פון דעם ליד —
איך בין אַ גרינע ווערבע אינעם ווינט.

און אונדזער טאַטע איז געשטאָרבן, —
ווײ איז אונדז, ווײ איז אונדז! —
ווי אַ דינער דעמב אויף אַ דאַרער ערד.
זיינען מיר, די אַלע זיינע זין,
אין צער פון יענעם רעגנדיקן טאָג
פון נעפּל אויפגעשטאַנען;
און מיט די וויינענדיקע הענט מיט רעגן
געלייגט אויף זיינע אויגן שוואַרצע שערבלעך,
דעם ליים דעם רויטן פון לאַנג איילאַנד
אויף זיין גרוב מיט לאָפּעטעס געשאָטן,
און צוקאָפּנס פון זיין גרוב
אויפגעשטעלט אַ שטיקל ברעטל.
און ווי אַן אויפגעטרייסלט וועלדל,
אין אומגליק פון ווינטן,
האָבן מיר, די אַלע זיבן ברידער,
געשריִען אויף איין קול:
יתגדל!!!

און אין יענעם רעגנדיקן טאָג
האָבן מיר, די אַלע זיבן ברידער,
מיט גרויע, בלויע טרויעריקע אויגן,
געזעגנט זיך ביים טויער פון ניו־יאָרק.
און יעדער ברודער פון די זיבן ברידער
איז באַזונדער
אויף באַזונדערע
אויף זיבן עוועניוס אַוועק.

## דאָס ליד פון ליבע

אין אָנהייב קומט דאָס פּראָסטע ליד פון ברויט.
און נאָך דעם קומט דאָס העלע ליד פון גאָלד.
צום לעצטן קומט דאָס שטילע ליד פון טויט.
און אַלע מאָל קלינגט אונדזער ליד פון ליבע.

די גייען מיט די אָקסן אין דעם שווערן יאָך געשפּאַנט
און שלעפּן איבער שוואַרצער ערד דעם שווערן אַקעראײַזן.
די שוואַרצע ערד, וואָס קרעכצט פון אונטער זייער האַרטער האַנט,
וועט זיי מיט קינד און רינד מיט ברויט מיט זאַטן שפּייזן.

נאָר דאָ זיפצט אויף דאָס ליד פון ליבע
דערשראָקן און פאַרטרויערט,
ווי טויבן וואָרקען אין דער ליבע
אין אָוונט איבערן פענצטער.

און יענע גראָבן געלן גאָלד, פאַרמשפּטע ווי קנעכט,
און קומען אין די שטעט פון קנעכט ווי זיגער און באַפרייער.
זיי צינדן אָן מיט גאָלד די שטעט, וואָס פלאַקערן אין נעכט,
און טאַנצן דורך די נעכט ווי מאַלפּעס פאַר אַ פייער.

נאָר דאָ הילכט אויף דאָס ליד פון ליבע
מיט יאָמער און מיט טרויער,
ווי וואַכע קעץ וואָס וויינען אין דער ליבע
אין נעכט אויף שוואַרצע דעכער.

דער טויט איז אייביק, אומעטום. אויף פעלדער און אין שטעט.
אויף אַלע וועגן. ווייל צו דעם, וואָס וועט אין עלטער שטאַרבן,
ווי אַלטע ביימער אין אַ וואַלד: אַז שטיין זאָל פאַר זיין בעט
זיין זון, זיין בלוט, וואָס וועט זיין נאָמען אַרבן.

נאָר דאָ שרייט אויף דאָס ליד פון ליבע
דערשראָקן און פאַרטרויערט
ווי יונגע הירשן אין דער ליבע
פאַרלוירן פאַר אַן אָפּגרונט.

## טויטע שפּיגלען

צו ראובן לודוויקס יאָרצייט

מיין ברודער ליגט אין מיינע טויטע־שפּיגלען —
ער שלאָפֿט. ער רוט. אַ קראַנקער שמייכל רוט
אויף זיין געזיכט. און איידל רינט זיין בלוט
פֿון זיינע ווייסע, צוגעמאַכטע פֿליגלען.

און אונדזער שוועסטער נייגט זיך פֿאַר די שפּיגלען;
זי איז ווי אונדזער מאַמע צאַרט און גוט
און ווישט מיט אירע טרערן אָפּ דאָס בלוט
פֿון אונדזער ברודערס צוגעמאַכטע פֿליגלען.

## געזיכטער

א

די אויגן שטייען אָפענע פאַר גאָט,
ווי אין דעם טאָל די בלויע טייכלעך רעגן.
און ער, וואָס ער באַטויט דעם שטויב אויף וועגן
און וואָס אין אַלע ווינטן רוישט זיין טראָט, —

ער שטראַלט אין זיי דורך בלוי. און איבער זיי
דורך גאָלד פון האָר, דורך מילך פון ווייסן שטערן:
און אויף די ליפּן, אינעם שפּראָצן פון באַגערן,
ווי בלייכע רויזן אויפן בלייכן שניי.

ב

פון שוואַרצן בליִען שאַרף די שיינע האָר.
פון שוואַרצן לויכט אין ווייכער האַלבער שיין
דער בלאַסער שטערן, ווו די שאַרפע פיין
איז דורכגעגאַנגען שלאַנגיש, טיף און קלאָר.

די אויגן — האַלב פאַרמאַכט, פאַרטראַכט, נאָר דין
ווי סם אין זיי דער איידעלער פאַרשטאַנד.
און ווי אַן עקדיש איז די שמאָלע ווייסע האַנט,
וואָס האַלט געקלאַמערט פעסט די האַרטע קין.

ג

דער וויסטער ווינט פֿון אָפּגערוישטע יאָרן
דורך גראָבנס פֿונעם האַרבסטיקן געזיכט
אַן אײַנגעקנייטשטער, ווי אַ דאַרער דאָרן,
פֿון באָרד צום געלן פֿאַרמעט פֿון דעם שטערן קריכט.

ער קריכט פֿון זײַנע וואָרצלען אויסגעצויגן,
און ציט די לעצטע פֿאַרב פֿון האַרבסט, און פֿויל
און זאַט שלאָפֿט איין ביים מידן ליכט פֿון אויגן
און ביי דעם שטייפֿן שמייכל פֿון דעם דינעם מויל.

## פריינטשאַפט

פריינטשאַפט זוניקט, היט און פיטערט
טרייסט און פרייד — צוויי ווייסע שאָף,
פריינטשאַפט ווי אַ בלעטל ציטערט
אין דעם קילן ווינט פון סוף.

פריינט, דיין שמייכל און זיין שאָטן —
שפּיגלען צוויי אויף מיין געזיכט.
זע: דער סוף איז אָפּגעטראָטן
הינטער אונדזער ביידנס ליכט.

## דאָס ליכט איז געצונדן

דאָס אָרעמע ליכט איז געצונדן,
דער הייליקער ספר ליגט אָפן;
די שורות — די הייליקע ווונדן —
ווי קינדער פאַרפּייניקטע שלאָפן.

אין נעכט פון פאַרנייגונג, אַ בלינדער,
דעם שלאָף פון די שורות ניט שטרויכל!
אין שלאָף פון פאַרפּייניקטע קינדער
פאַרנעם דעם געלייטערטן שמייכל!

## מיין מידער גאַסט

מיין טרויער ליגט געפּאַסט
אין זילבער פון מיין ליד.
אין רייטוואָגן מיין גאַסט
פאַרביי מיין טויער ציט.

איך זע די ווייסע פערד,
די זיילן שטויב פון ראָד.
זיין וועג — ניט אויף מיין ערד
און ניט פאַר מיר זיין גנאָד.

זיין ליכט האָט מיך פאַרזען:
מיין ליכט האָט ניט געבלענדט.
מיין פאָן איז שטיל געווען
אַריבער מיינע ווענט.

פון שטויב אַ נייע שיכט
איצט לייגט זיך אויף מיין שוועל:
אַ שאָטן פון זיין ליכט
אַ נייער אויף מיין זעל.

אין זילבער פון מיין ליד
מיין טרויער ליגט געפּאַסט.
צו פרעמדע טאָלן ציט
מיין מידער גאַסט.

## אויף אַלע מאָל

ניט געשמידט בין איך פון האַרטן, קאַלטן שטאָל,
נאָר איך טראָג פון טרויער יענעם רויטן ראָסט;
אויפגעלויכטן בין איך דאָך אויף אַלע מאָל,
ניט ווי אָוונט־טוי און ווי באַגינען־פראָסט.

צווישן די געצעלטן פון דיין ברייטער ערד
מיט מיין ליד צו דיר — מיט מיין אייביק ליד,
בין איך דורכגעריטן אויף אַ בלויען פערד,
צו פאַרבלייבן דאָ אין האַרטן שטאָל געשמידט.

## ווער?...

ווער וועט אונדז טרייסטן אין אונדזערע פיינען? —
דו וועסט אונדז טרייסטן און דו וועסט פאַרנעמען
און ניט פאַרבייגיין און ניט פאַרשעמען
אונדז, ווי מיר זיינען, קליין ווי מיר זיינען.

שטום ווי די ערד דאָ און שטום ווי דאָס שיינען
אין אונדזער נאַכט פון ניט אונדזערע שטערן, —
ווער וועט אונדז הערן? — דו וועסט אונדז הערן
שטום ווי מיר זיינען, קליין ווי מיר זיינען.

## דער צער אין אויגן

דער צער אין אויגן ביי אַ צווייטן,
באַצווינגט מיך ווי אַ גוטער האַר.
און וויליק נעם איך יענעמס קייטן,
און וויליק טראָג איך יענעמס צער.

נאָר צער אַזוי פיל קומט באַצווינגען
דעם שוואַרצן שייטל פון מיין קאָפּ!
איז ריים איך רינגען פון די רינגען
און נייג די אַלע קייטן אָפּ.

איך בין אַן עפּלבוים אַ מידער,
אין ערד געוואָרצלט ביזן דיך.
און ווי דער בוים די עפּל — לידער
רייפּע וואַרף איך אַרום זיך.

## גרויסע איינזאַמקייט

אין די נעכט איז פֿאַראַן
אַזאַ ווונדערלעכע שעה,
די שעה
פֿון אַלוועלטלעכער באַהעפֿטונג:
ווען אַלע זעלן אויף דער וועלט
גיסן זיך צונויף
אין איין גרויסער לעבעדיקער זעל.

און יענע גרויסע שעה
האָב איך ניט איין מאָל שוין פֿאַרנומען
מיט וואַכע ברענענדיקע אויגן,
פֿאַרלוירן אין די נעכט.

מיין פּנים פֿלעג איך לייגן
אויף דער שוואַרצער ערד,
ווי בהמות ווען זיי שטאַרבן.
און איבער מיר
פֿלעגט ציטערן פֿון שטילקייט
אַ גרויסער וויטער הימל.
און שטערן פֿלעגן גיין.
און איך פֿלעג האָרכן, האָרכן,
ביז איך פֿלעג דערהערן
אַ פֿאַרלוירענעם געוויין
אָן טרערן און אָן ווערטער,
דעם אייביקן געוויין
פֿון אַלץ, וואָס איז פֿאַרמשפּט
צו זיין אין איינזאַמקייט
אויף אונדזער שוואַרצער ערד;
דעם אייביקן געוויין
פֿון מיין שטום בלוט,

וואָס פאַרנעמט אין איינזאַמקייט
יענע וווּנדערלעכע שעה,
די שעה
פון אַלוועלטלעכער באַהעפטונג
און גרויסער איינזאַמקייט.

## צוטרוי

אַ מענטש קען אַ צווייטן דערפרייען
מיט גאָרנישט — אַ ווונק און אַוועק.
ער זאָל נאָר זיין שמייכל ניט דרייען
אַזוי ווי דער הונט מיט זיין עק!

ווי גרינג איז אַ מענטשן צו נאַרן!
זיין האַרץ — נאָר אין פּלאָנטערס פאַרקריכט.
נאָר צוטרוי, וואָס ער האָט דערפאַרן,
דאָס האָט ער אין אייביקן ליכט.

אַ מענטש האָט אין מדבר אין וואָגל
געפונען אַ קראַנקן. — „וואַרט צו,
איך לויף נאָר צום קוואַל מיט מיין לאָגל
דאָ באַלד אינעם שאָטן און רו”...

און ער איז געגאַנגען זיך ווייטער.
און דער האָט אין טויט זיך געפרייט...
דערפאַר זעען וואָגלער, ווי הייטער
דער מדבר אָאַזיסן שפּרייט.

און דאָ האָט אַ מענטש מיט אַ צווייטן
זיך איבערגעוווּנקען ניט פרעמד, —
טראָגט וואַרעמקייט איינער צום צווייטן
געטריי ווי אַן אייגן העמד.

# אין הייזער אָרעמע

אין הייזער אָרעמע איז דאָ אַזוי פיל שיינקייט:
די הונגעריקע ליפּן איידלט דער בטחון.
די האַנט, וואָס איז געשלאָגן אין איר קוואָלער קליינקייט,
האַלט אַלע טירן אָפן פאַר דעם אָרעמערן שכן.

און ביי דעם קאַלטן פייער פון די דאַרע קוילן,
אַרום די טישן קעפּ געלענט אויף עלנבויגן,
די אויערן געשפּיצטע, און אַלטע בערד דערציילן
די רייד פון צער און חכמה און פון ניסים ניט געשטויגן.

און איבער אַלע קעפּ — דער שטילער, דער באַפרייער,
ער נידערט פון די רייד און זיצט מיט זיי אין מיטן.
די דאַרע קוילן פלאַקערן מיט נייעם פייער
און רויטלען אַלע קעפּ און בערד פון פייער אויסגעשניטן.

## תפילה

ריין און אָרעם און באַשיידן
ווי די קליידער וואָס איך טראָג,
צו מיין רו, צו מיין גן עדן
גיי איך דורכן יאָך פון טאָג.

מיינע הענט אין מי געשוואָלן,
אויפן שטערן שוואַרצער שוויים, —
וועט די רו מיר ניט באַצאָלן
מיט פיר איילן אין איר שוים?

ניט די שכינה מיט די שטראַלן,
וואָס דעם צדיק זאָגט מען צו, —
זאָל אויף מיר אַ גרינגער פאַלן
כאָטש אַ שאָטן פון דער רו!

## גערעטעניש

אויף פעלדער, גערטנער און אויף שטיבער
שפּאַנט גאָט זיין פייערדיקע ראָד.
די פולע עמערס גייען איבער
מיט גאָלד מיט ריינעם פון זיין גנאָד.

די פעטע וואָלקנס, שפּריי און רעגן,
זיי שפּאַרן פון זיין ראָד מיט ווינט.
ברויט רויטלט זיך ביי אַלע וועגן,
אויף וועגן — מילך מיט האָניק רינט.

## מיט זיבן וואַסערן

מיט זיבן וואַסערן פון אַלטן צער
האָב איך פון זיך אַראָפּגעוואַשן
דעם שטויב פון זייער רויער וואָר,
און זייער וואָר — ליגט אונטער מיינע קנאַפּל.

זאָל זיין אַ טיש, און דורך די נעכט אַ ליכט —
אַ ליכטל נאָר, און קלוגע ליבע ביכער —
דאָס ברויט און וויין פון אַלע צייטן —
און שיכּור זינג איך הויך אין פּנים פון די טעג!

## דער הירש

די האַנט איז געפֿאַלן אין ווייטיק,
אין מי אין פֿאַרשפֿאַרטער און האַרטער.
געדולד פֿון אַן אָקס איז דאָ נייטיק,
און דו ביסט אַ הירש גאָר אַ צאַרטער.

איז ברייטער צעצינדן די אויגן,
דעם שפּיציקן אויער פֿאַרשאַרפֿן,
די פֿיס ווי די פֿיילן פֿון בויגן
אַריבער די היגלען פֿאַרוואַרפֿן.

און פֿלי איבער אָפֿענע הייכן,
און שטעך מיטן האָרן די שטערן!
און וואָס אין אַ חלום — דערגרייכן,
און ווי אין אַ חלום — ניט ווערן!

# דורך דער נאָדל פון מײַן וואָר

טרייסט געגאַרטע, קום ניט לייגן,
אַלץ איז מיר ביז ווייטיק קלאָר.
זאָל דערפּאַר מײַן צונג פאַרשווייגן
מײַנע ווונדן פון מײַן וואָר.

נאָר אַ מאָל — אַ רויך פון תּפֿילה,
אַ פאַרשעמטן ווונק פון צער, —
פון מײַן הויף אַ לאַם אַ שטילע, —
ברענג איך פאַר מײַן גוטן האַר.

און די לעפצן אין אַ פלעמל,
מיט די הויקערס, ביין און האָר,
קריך איך, ווי דאָס אַלטע קעמל,
דורך דער נאָדל פון מײַן וואָר.

## נען און פֿאַרנעם

נען און פֿאַרנעם און האָב ליב און באַשטראָף —
מיר זענען דיינע געהייליקטע שאָף.

אויגן פֿאַרשטילט, ווי דאָס גראָז פֿונעם טאָל,
וואַרטן פֿון אונדזער געקרויזלטן וואָל.

נען מיט דיין חלף, געשאַרפֿט אין דיין גנאָד,
קיל, ווי דאָס בלויע לבנהשע ראָד.

## זילבער אויפֿן ווינט

אַ באַנק, אַ טיש, אַ בוך,
אַ פֿענצטער און די זון.
און קינדער אויפֿן שוים,
ווי עפּל אויפֿן בוים.

און לעמער אויפֿן גראָז,
ווי זילבער אויפֿן ווינט.
און ריינער זילבער רינט
אין ליד וואָס אויף מיין צונג.

## און מיר איז ווינציק

אַ שערבל, בוימל און אַ קנויט —
אַ טרייסט אין דיינע דלת אמות.
געלעכטער קינדערשער דערפרייט
דעם טרויעריקן שוים פון מאַמעס.

און מיר איז ווינציק אויף מיין טיש
די זון, די הימלען אין אַ שיסל,
די גאָלדענע גן־עדן פיש,
דאָס גאָלדענע גן־עדן־שליסל.

און רום און רו און מי און ברויט,
די ערד, די ווייטן און די קייטן,
שוין לאַנג פאַרכישופט אין מיין טויט,
האָב איך אָוועקגעשענקט אַ צווייטן.

# דער אינדישער פויגל

דו, אינדישער פויגל, אין טעפּעך געפֿאַנגען,
דו ווייסט ניט אַריבער די פּורפּולנע זוים;
דו ציסט מיט דיין גאָלדענעם שנאָבל דערלאַנגען
דעם טאָל און דעם קוואַל ביי דעם הייליקן בוים.

איין פוס אין דער לופטן — געשליפן אין ראָז,
אין פלאָנטער דער צווייטער;
און לאַנג איז דיין עק אויפן בלוילעכן גראָז
אין טרויער צעשפרייטער.

די זון אין אַ לאָטאָס, צו רייצן דיין טרויער,
ברענט געל אין דיין אויג און אין קלאַפּטער די ווייט.
דיין פליגל פאַרמאָסטן אַ שאַרלאַך — אַ בלויער
און פאַלט אויף זיין בלויערן שאָטן ביים זייט.

מיין נאַרישער פויגל, ניט צי ווי אַ מאָל
דיין ווייט צו דערלאַנגען!
דאָ האָט דיך אַ האַנט און די פאַרב און דער וואָל
אויף אייביק געפאַנגען.

# די וואָס קומען נאָך אונדז

די פּאָעטן וואָס קומען נאָך אונדז — יונגע פערדלעך אָן צוימען
אויף די פּריילעכע טאָלן. די עקן פאַרשאַרצט אין די בלויען,
בלוט און מילך אין די אויגן, וואָס בליצן איבער די רוימען,
און דער דימענט אין שטויב בליצט שאַרף אונטער זייערע קלויען.

און מיר זענען שקאַפּעס אין זומער. באַלאָדענע שלעפּן מיר ווייטער
ריינעם גאָלד, געלן קאָרן פון שוואַרצערד צום שאָטן פון שייער.
און אין נעכט פון פאַרצערטע לבנות, אין שאָטנס פון זוניקן פייער,
זוכן זייערע ליפּלעך די בלוי־מילך פון אונדזערע אייטער.

## אויף ניו־יאָרקער שטיינער

די פּען איז אָנגעשאַרפט און שפּיציק,
און פליסיק איז די טינט און שוואַרץ,
און דער זכּרון — וואַך און בליציק —
ער וועקט דאָס אומעטיקע האַרץ,
און וועקט אין ווינקל פון די אויגן
אַ טרער אַזאַ, וואָס גיט אַ ברען;
און דאָס פּאַפּיר — אַ ווייסער בויגן —
ער בעט נאָר אותיות פון דער פּען;
און אותיות גיסן זיך אין ווערטער
און ווערטער לייגן זיך צום גראַם;
און גראַם צום וואָרט אַ פיין דערהערטער —
איז זאַלץ, וואָס גיט דעם ברויט אַ טעם.
איז — זייַ דאָ ביי מיין זייט, זכּרון,
און נעם מיין מידע האַנט און פיר,
און וואָס דאָס האַרץ האָט שוין פאַרלאָרן,
די פּען זאָל געבן דעם פּאַפּיר!



אָקרענטן שווימען איבער ימען,
ווי פלוגן אָקערן די וועל.
זיי פירן בריוועלעך דער מאַמען,
און קינדער פון דער מאַמעס שוועל.
אַ זאַק צום אָקסל צוגעשטריקלט
מיט ברכות אין דער ווייטער פרעמד,
דער מאַמעס קישעלע פאַרוויקלט
אין טאַטנס לייוונטענעם העמד.
און אין דעם זאַק אין חזיר־לעדער
מיט לידער — דומעס אַ קאָבזאַר,
און לידלעך פון דער ערשטער פעדער

פון יִינגלשן געוויין און צער,
געשריבן אין זשאַרגאָן — אין יִדיש —
אין אַ פאַרליבטער פרייער שעה...
און הויך דער שייטל — נאָר אויף חידוש —
אַ שוואַרצער פליגל פון אַ קראָ.
און קרומער פינגער פון אַ שטעפער,
און פון אַ שטעפער־יונג דער שפּיי,
און פון דער טורמע ביי דעם דניעפּער
דער סם פון אויפגעברויזטער פריי,
געהעפט מיט מעשׂהלעך דער באָבעס
פון ר״יינע אָרעמע גאָטס קנעכט,
מיט בלוט פון פעטערלעך פון זשלאָבעס,
וואָס טראָגן מעסערס אין די נעכט,
מיט וואַכן יִינגלשן געוויסן
פאַר די חברים אין „צע־קאָם״;
די לאַנגע שטיוועלעך צעריסן,
אַ גאַרטעלע מיט אַ קוטאָס,
אַ שוואַרצע העמדל ביזן אויער
מיט קרעסטיקעס אין גרין און רויט;
אַ ווייסע האַנט האָט זי אין טרויער
מיט זייד גענייט און אויסגענייט...
זיי שטיל, מיין וואַכיקער זכּרון,
די האַנט די ווייסע ניט דערמאָן!
די זעלבע האַנט האָט ביז קאַיאָרן
געהעפט פאַר אונדז די רויטע פאָן.
דאָס האָבן מיר מיט זיך גענומען
אין אָרעמקייט פון אונדזער היים,
און איבער כוואַליעס אומגעשוווּמען
אַרויסגעוואָרצלט ווי אַ בוים.

ווי אויף אַ לייוונט מיט אַ פּינדזל
אַרומגענומען מיט אַ ראַם,

אַזעלכן — אויף דעם טרערן־אינדזל
האָט אונדז אַרויסגעשפּייט דער ים.
אַרויסגעשפּייט... נאָר זאָג, זכּרון,
ווי יונג מיר זענען דאָס געווען! —
מיר האָבן דאָך געציילט די יאָרן
ניט מער ווי פינגער — צען און צען.
דערפאַר האָט אונדז ווי אויף צו פּלייסן
אַ האַנט דעם דופּק נאָר באַרירט,
דעם אַרבל מיט אַ קרייד אַ ווייסן
באַצייכנט — און אַרויסגעפירט.

און הינטער טויערן און גראַטעס
געשרייען, קושן און געוויין
פון זין, פון מאַמעס און פון טאַטעס,
אין גאָלד פון שמייכלדיקע ציין,
און זון, ציגאַרן און מאַראַנצן
און פריי מיט נייע פאַרבן בלענדט...
און אונדז האָט מען פאַרטרויט אין גאַנצן
אויף אונדזער פעטער זיאַמעס הענט.

און דאָס איז אונדזער פעטער זיאַמע,
דער העלד פון קינדערש האַרץ געוויילט!
אוי, וויפל וווּנדער האָט די מאַמע
פון זיינע העלדישקייט דערציילט! —
ווי איין מאָל אין אַ נאַכט אין ווינטער
העט, ווייט, ביים ליקאָמירער טראַקט
האָט ער פון קלויסטער אויף דעם צווינטער
דעם שווערן שלאָס אַראָפּגעהאַקט
און פון דער באָזשע מאַטקעס אויגן
די דימענטן, די גרייס ווי ניס,
אַרויסגעשרויפט — און פייל פון בויגן
ווי ניט געווען — געצויגן פיס.

און אין דער זעלבער נאַכט ביים גלח
געׂנומען פערד, צעסמט די הינט,
און איז ביז ניעזשין דעם מהלך
געפלויגן ווי דער ווילדער ווינט
און גלייך צו אונדזער מומע גיטל.
צעטרייסלט אַלע ווענט פון שלאָף
און אויפן דיל — אַ וואָרף די היטל:
— מאַך, סערצע, שוועסטערל, אַ סוף!
איך וויל דיין בת־יחידקע, טעמען,
אַז כאָטש באַגראָב מיך און פאַרשיט!
וועל אין אַמעריקע זי נעמען,
וועל היטן אַלע אירע טריט...

און ביז די קלוגע מומע גיטל
האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט,
האָט ער אַ כאַפּ געטאָן זיין היטל
און ווי אַ קינד זיך הויך צעוויינט:
— אַז פּגרן אין די אָסטראָגן! —
קוש, טעמעניו, דער מאַמעס הענט! —
אַ נעם זי — און אַוועקגעטראָגן
אַ נאַקעטע אויף זיינע הענט.
אַ קנאַק פון בייטש, אַ רים דעם שליטן,
אַ פייף און אַ געשריי: — העי, טראָג!
און זאָל דער ווייסער שניי פאַרשיטן
די צייכנס ביזן ווייסן טאָג!

די מומע איז געבליבן לעבן,
נאָר קוים דערלעבט פון זיי אַ בריוו:
„אוי, מאַמע לעבן, שוועסטער לעבן,
מיר פאָרןביידע מיט דער שיף"...

און דאָס איז אונדזער פעטער זיאַמע...
די וואַנצן אויסגעגאָלט ביז בלוי,
און גרין — פון אונטער זיין פּאַנאַמע —
די אויגן גיסן זיך אין גרוי;
מיט ניט־ייִדישע משפּחה־אויגן,
וואָס קענען שמייכלען בייז און גוט,
וואָס קענען יענעמס חיות זויגן
און יענעם אָפּגעבן דאָס בלוט...
און שטאַלטנע, פון די יאָרן ייִנגער,
און אויסגעפּוצט, אַרומגעפּרעסט:
אַ דימענט אויף זיין לינקן פינגער,
אַ קייט פאַרוואָרפן אויף זיין וועסט.
האָט ער אונדז שאַרף דאָ אָפּגעמאָסטן
די שטיוועלעך און אונדזער זאַק...
און מאַנסבילש, מיט אַ קוש אַ פּראָסטן
אַ ברי געטאָן אונדז אויף דער באַק...
אַז אונדז אין אויג, אין יונגן שׂכל,
אַ טרער איז היים געבליבן שטיין...
אויך פעטער זיאַמעס האַרטער שמייכל
האָט קוים פאַרבאָרגן אַ געוויין.

דער האַרטער שמייכל פעטער זיאַמעס
האָט דורכן בלוט אונדז דורכגעברענט...
און מיט דער קישעלע דער מאַמעס —
און מיט דעם זאַק אויף ביידע הענט,
און הויך דעם שייטל — אָט אַזוינער,
און מיט דעם פּנים צו דער שטאָט,
אויף די ניו־יאָרקער האַרטע שטיינער
אַוועקגעשטעלט דעם ערשטן טראָט.



ניו־יאָרקער שטיינער... שרייַק, שטויביק,
האָט איר דאָס יונגע האַרץ באַגריסט,
און מיך אויף אַלע מאָל און אייביק
פאַרשאַרט אויף אייער פרעמדן מיסט.
און ביי מיין זייט ווי אויסגעשלאָגן
פון קופּער פּעטער זיאַמע שפּאַנט
און העלפט דעם גרינעם זאַק מיר טראָגן
מיט אַ געטרייער שטאַרקער האַנט;
און רעדט מיט ווערטער גרוי און זויער
פון תּכלית ווי די וועלט איז אַלט
און גרילציק פאַרן יונגן אויער,
פאַר וועמען די הפקרות שאַלט
אויף איר צעשויבערטן טראָמפּייטער
און שיכּורט מיט איר זיסן שמוכט,
וואָס אויך מיין גינציקער באַגלייטער
האָט אין די יונגע טעג פאַרזוכט.
איז רעדט ער... און די אויגן לאַכן
ביז אין די ציין אין געלן גאָלד:
— דאָ דאַרף מען וויסן ווי צו מאַכן
דעם דאָלאַר... און ניט זיין קיין יאָלד.

נאָר אין גרויס וווּנדער וואָס די אויגן
אין חלום האַלב און האַלב אויף וואַך,
דערעפנט און פאַרגאַפטע זויגן
דעם ווילדן פּישוף פון דעם כּרך,
וואָס טראָגט דעם זיסן קורצן נאָמען
„ניו־יאָרק" — און וואָס ער הייבט זיך אויף
אַריבער וואַסערן און תּהומען
אַרויף, ביז צו דער זון אַרויף, —
מיט וואָלקן־טורעמס, הימל־קריכער,

פון שטאָל און ציגל אויפגעשטעלט, —
אַ וואַלד מיט זיילן, האַלטן זיכער
די זיבן הימלען פון דער וועלט, —
האָב [איך] געמורמלט: — סאַראַ ריזן! —
אין רויט און גרוי, אין ווייס און ברוין.
האָט פּעטער זיאַמע אָנגעוויזן
אויף איינעם מיט אַ גרינער קרוין:
— ס׳איז זינגערס, פון די ניימאַשינען;
ווי דו געקומען הויל און גרין;
מען זאָגט ער איז אַראָפּ פון זינען
ביים אויסטראַכטן די ניימאַשין.
און איצט האָב איך די קאַטערינקעס
אַ הונדערט! און איך האָב מיר אויך
אַפּרייטערס-הויקערלעך — גוואַלדינקעס! —
זיי נייען אַז סע גייט אַ רויך...
— אוי פּעטער... איז דאָס יענער זינגער...
איך האָב דאָך אין דער היים געניית
אויף זיין מאַשין און אַלע פינגער
ביז בלוט צעשטאָכן און צעדרייט.
און מיין באַגלייטער שמייכלט ברייטער:
— ס׳אַלרייט... דו וועסט שוין זיין אַלרייט;
וועסט זיין אַ טייערער אַפּרייטער, —
און וועסט שוין זיין ביי מיר אַ לייט.
דערווײַלע דאַרף מען ווי ביי לייטן
דיך אָנטאָן, ווי דו ביסט די גרוים. —
ער מעסט מיך אָפּ פון אַלע זייטן: —
— חלשות, ווי דו זעסט מיר אוים...
און דיינע פּאַטלעס... שוויג, זכרון,
דערמאָן ניט יענעם ווייטן טאָג.
ער וועט שוין גיין מיט מיר אין אָרון
מיט אַלע חרפּות וואָס איך טראָג.
איך האָב נאָר היים די צונג געזויגן

און טרוקן מיט דער ליפּ געצוקט...
נאָר אין דעם פעטער זיאַמעס אויגן
האָב איך מער גלייך שוין ניט געקוקט.



און ערשט אין אָוונט, איבער בריקן,
האָט ער אין ברוקלין פאַר אַ האַנט
מיך, אויסגעפּוצט מיט אַלע שיקן,
אַהיים געבראַכט דעם גרינעם פּראַנט.
אַט שטייט דער פּראַנט פאַר מיינע אויגן.
איך קוק נאָך איצט אויף אים פאַרשעמט.
זיין שייטל האָר — ווי ניט געשטויגן —
פאַרשניצט און אין אַ שרינט פאַרקעמט.
אַ העלער הולך אין אַ קעסטל,
אַ קאַפּעליוש פון האַרטער שטרוי;
אַ האַרטע העמד, אַ שניפּס אין וועסטל
פון זייד מיט קוויטן ראָז און בלוי;
און געלע שיך מיט קופּערשנאָלן
וואָס בליאַסקען נאָך מיט רויטן זשאַר.
אַ פּראַנט — אַ פּריץ, ווי אויסגעמאָלן
אויף טאָוולען צו אַ קאַלענדאַר.
און ווי מיר זענען אָנגעקומען,
האָט אויף דער שוועל און אַזוי גוט
די מומע מיך אַרומגענומען
אַ נאָענטע ווי מיין אייגן בלוט.
מיין מאַמע! — ווי צוויי טראָפּנס וואַסער:
די האָר, די אויגן און דער חן.
נאָר יינגער, איידעלער און בלאַסער
פון שטערן ביז די ווייסע ציין.
און איך האָב מער ניט אויסגעהאַלטן,
און האָב געוויינט ווי איך בין גרויס.
דעם קאָפּ איר אויפן האַרץ באַהאַלטן

ווי אין אַ ליב-געטרייען שוים.
די טרער וואָס איך האָב ניט פאַרגונען
ביים אָפּשייד אויף דער מאַמעס טרער,
איז אויף מיין מומעס האַרץ גערונען
זיס-ביטער און אַזוי ניט שווער.
און מיט דער טרער נאָך אויף די ברעמען
האָט מיך אַ בלענד געטאָן געשווינד
אַ ווייסקייט — מיך נאָר צו פאַרשעמען, —
די ווייסקייט פון מיין שוועסטערקינד.



מיר זענען מאָרגן נאָכן עסן
אין רייכן אויסגעפּוצטן זאַל
אויף ווייכע קישעלעך געזעסן.
די זון האָט קרום געזיפּט איר שטראַל
דורך פאָרהאַנגען און ראָז באַלויכטן
אַ האַלבן טעפּעך אויפן דיל,
פון טעפּעך אויפן אויפגעטויכטן
גרין-רויטן האַלבן קראָקאָדיל...
דער פעטער האָט זיך לייכט געוויגלט
פון נאָכן עסן פויל און פול,
ווי פון אַ קופּער אויסגעטיגלט,
אויף אַ צעלייגטן ווייכן שטול.
דאָס שוועסטערקינד, פון וואַקס געקנאָטן,
און וויים, ווי ניט פון אונדזער בלוט,
איז ביי דער פּיאַנאָ מיט די נאָטן
געזעסן דינטשיק ווי אַ רוט.
די קין אין האַנט. צעבלויטע אויגן.
די צעפּ פון אויסגעצוואָגטן פלאַקס,
פון האַנט אַרויף, צום עלנבויגן
די בלויע אָדערלעך אויף וואַקס.
אויך פעטער בער איז מיט אַ מומען

געזעסן ברוגז, אָפּגערוקט.
אַז זינט ער איז אַריינגעקומען
האָט ער אויף קיינעם ניט געקוקט.
ער האָט מיר נאָר אַ האַנט געגעבן,
אַ גרויסע האָרעפּאַשנע האַנט,
מסתמא פון אַ שווערן לעבן...
זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט
אין טאַטנס הויז, און איז פאַרבליבן
אַ נאָמען ווי פון יענער־וועלט...
ווייל ניט ער האָט צו אונדז געשריבן,
און האָט אונדז קיינעם ניט געפעלט.
די מומע טעמע אין אַ שוואַרצן
געפּאַסטן קלייד, מיט ווייסע ציין,
אַ מעדאַליאָנדל אויפן האַרצן
און אויפן האַנט אַ רויטער שטיין,
איז אַזוי נאָנט צו מיר געזעסן
און אַזוי וואַרעם און געטריי...
און איך — איך האָב דאָ גאָר פאַרגעסן,
אַז פעטער זיאַמע זיצט דערביי, —
האָב איך דערציילט וואָס אַלע מאַכן
אין ניעזשין, וואָס זי ליגט אין העק
מיט אירע בלאָטעס, מיט די שליאַכן,
וואָס ציִען זיך פון שטאָט אַוועק
ביז צום בית־עולם מיט די קברים...
— אַ שטאָט מיט יִדן שטאַרבט אין נויט
און פינצטער, ווי אין כריין דער וואָרעם
און פוכניעט פון אַ שטיקל ברויט.
דער טאַטע? — איז ווי אַלע יִדן.
ער האַנדלט און איז רק אין וועג,
ער וואַלגערט זיך אויף מערק־ירידן
דורך וואָכן ביז די שבת־טעג.
ער שטייט אין מאַרק און ציילט די פייגל,

און ברענגט אַהיים אַריין סוף־וואָך:
אַ מאָל דעם קיילעך פון אַ בייגל, —
אַ מאָל פון בייגל נאָר די לאָך...
די מאַמע... טראָגט און זויגט און קינדלט
און האַנדלט אויפן שליאַך מיט גענדז
פאַר רייכע לייט... און שווערט און שווינדלט,
און ברענגט אַהיים אַ קאַשיק פרענדז...
איר לאַכט... דאָס זענען ברעקלעך, שטיקלעך,
פון רייכע טישן שמיי־און דריי...
און קליינע קינדער זענען גליקלעך
מיט זיסן שאָלעכץ פון אַן איי.
און אָפט... דער טאַטע זאָל ניט הערן,
אין קימפּעט, פלעגט זי, אין גרוים נויט
פאַר שכנות אויסגיסן די טרערן
און בעטן לייען לעבלעך ברויט.
און קינדער שלאָפן אויף דער קאַלטער
און נאַסער ערד אויף שטרוי מיט היי
און אויף אַ רעדנע אויף אַן אַלטער, —
איז שלאָפן זיבן אין אַ ריי...
נאָר קליינע קינדער וואַקסן פריילעך.
און אַז די שקראַבעס — אַן אַ זויל,
און אַז צעפּיצלט איז דער הולך —
איז לויפט מען באָרוועס אום און הויל.
אַז איך אַליין פלעג ווינטער, שבת,
אַ לאָז טאָן גליטשן זיך אויף אייז
אין פראָסט, אַ באָרוועסער אָן שקראַבעס,
מיט חברה יינגלעך ווי די מייז...
נו, יאָ... איך בין געווען דאָך קלענער...
נאָר אונדזער שטוב איז תּמיד פול
מיט זינגען, ברומען, ציִען טענער,
און מיט חזנות ווי אַ שול.
און אַז מיר זינגען אַלאינאייינעם

אין כאַר: די מאַמע, גרויס און קליין,
פלעגט אַנלויפן אַ גאַס מיט שכנים
און בלייבן ביי די פענצטער שטיין.



און — ס׳כליפּעט אויף די מומע צערטלעך
מיט דינע טרערן אין איר קול:
— אוי, שוועסטער מיינע... אירע ווערטלעך...
איך הער דאָך סאַרקען פון אַ מאָל...
געדענקסט ניט, זיאַמעלע, איר זינגען
און אירע גראַמעלעך צום וואָרט?...
נאָר פעטער זיאַמע האַלט אין שלינגען
אַ טרער, און הייבט זיך אויף פון אָרט,
און טוט אַ זאָג — פאַרשטייפט די ברעמען
מיט ווערטער גלייך ווי מיט אַ האַק:
— איך גיי זיי גאָר אַריבערנעמען —
זיי אַלעמען מיט האק און פּאַק!
און פעטער בער וואָס קומט נאָר שווייגן,
האָט הייזעריק אַ זאָג געטאָן:
— אוי, זיאַמע... ליבערשט זאָל איך לייגן...
נאָר צי דו וועסט עס טאַקע טאָן?
און קאָנטיק, אַז אַן אַלטע מכה
האָט דאָ געפּלאַצט. די מומע נאָר
האָט שטיל געזיפצט: — צוויי ברידער טאַקע...
און זענען ווי אויף מעסערס גאָר...
און אַלע האָבן שווער געשוויגן.
דער פעטער זיאַמע רויט און פול
האָט זיך אַוועקגעזעצט זיך וויגן
ווי פריער אויף זיין ווייכן שטול.
נאָר איך האָב מער שוין ניט פאַרטראָגן
דאָס שווייגן און פאַרשייט און יונג
האָב איך זיך דאָ אַוועקגעטראָגן

דערציילן מיט אַ לויזער צונג:
— נאָר ניעזשין — וואָלט איר ניט דערקענען,
אַזוי געאַנדערשט איז די שטאָט;
די יונגע חברה שמייען, ברענען, —
עס זידט אַזש אונטער זיי דער טראָט.
שבתים גייט מען פעסט געשלאָסן
אין סקווער ביי גאָגאָלס מאָנומענט
מיט שטעקעלעך און פּאַפּיראָסן
און מיט די ביכלעך אין די הענט.
מיר זיינען שוין מיט רויטע פאָנען
אַרויס אין סקווער אין ערשטן מיי,
פון די בורזשויען אונדזער מאָנען
אין שטרייט פאַר אונדזער ברויט און פריי.



און דאָ — האָט אויפגעהערט זיך וויגן
דער פעטער זיאַמע, און האָט הויך
און מיט רציחה אויסגעשפּיגן:
— טפו, גרינהאָרן! — דו אויך, דו אויך?! —
און איז אַרויס פון זאַל... זכרון,
דערצייל וואָס ווייטער איז געשען.
אין זאַל איז פּלוצלינג פּוסט געוואָרן,
און איך האָב קיינעם ניט געזען.
איך האָב נאָר אַזאַ הייסן בריִען
דערפילט אין צונג. און איך האָב בייז
דעם פעטער זיאַמע נאָכגעשריִען:
— בורזשוי! איך האָס דיך מיט דיין הויז!
און אַז מיין האַרץ זאָל ניט צעפּלאַצן, —
האָב איך אויף זיך אַ ריס געטאָן
פון נייעם שפּענצער ביידע לאַצן
אַראָפּ, אַרונטער ביזן סטאָן.

און בין פון הויז אַרויסגעפלויגן
אַ פייער אין אַ ווינט געשווינד, —
מיר האָט געבלענדט נאָר פּאָר די אויגן
די ווייסקייט פון מיין שוועסטערקינד.

# ברוקלין

...אָ, ברוקלין, שטיין און שטויב און ציגל,
דיין הימל — אומעט אויף דיין דאַך.
דו רירסט דיין אויסגעשפּרייטן פליגל
און ליגסט פאַרחלשט אויף דיין פלאַך.

דאָס האָט דיך צו דיין פלאַך פאַרשלאָסן
די לאַנגוויל: זי האָט ניט פאַרפעלט
און אויף דיין פּנים אויסגעגאָסן
דעם גאַנצן אומעט פון דער וועלט.

און אומעט גרויט דיין אינדערוואָכן
דורך אַלע טעג; און אומעט וואַכט
ביי יעדער שוועל, ביי יעדן שכן,
ביי יעדן פייער אין דער נאַכט.

און דורך דיין אומעט — דורך דיין האַרצן
פון אַלע בריקן ציִען שטום
לוויות — וועגענער אין שוואַרצן
צו די בית-עולמס ביי דיין תּחום.

און דיינע זונטיקס — קלויסטערס גרויע
און גרויע אָרגל-ברומעריי;
און מיט אַ קופּל ביר אַ גויע
שאַרט פאַר אַ קלויסטער זיך פאַרביי.

אין דיינע יִידישע געצעלטן —
די גאָרנס טרעף אַריבער טרעף,
מיט אומעט דיינעם אין פאַרגעלטן
פאַרשטויבטן גאַזליכט איבער קעפּ.

מיט אומעט דיינעם אין די קיכן
אין גרויע־גרינע דושנע ווענט
אין הייסע אָוונטן, וואָס קריכן
מיט נודנעם שוויים אויף מידע הענט.

און מידע שטערנס, וואַכע אויגן,
פאַרפלאָמטע אינעם קאָרטנשפּיל,
ביז פון אַ ווינקל האָט פאַרצויגן
איר נודנעם ניגונדל די גריל;

און ביז אַ גענעץ קרימט צום שלאָפן
די מיילער מיט זיין פייכטער האַנט;
און ביז דער זייגער איז פאַרלאָפן
מיט שפּעטע ווייזערס אויף דער וואַנט:

צייט שלאָפן, געבן רו די גלידער,
זיי דאַרפן אויפשטיין מאָרגן פרי,
און מאָרגן — ביי די קאָרטן ווידער
דעם אָוונט נאָך אַ טאָג פון מי.

...אָ, אומעט, ברוקלינער! דו, שטומער
זכרון מיינער, צי די צווער
פון מיינע טעג אין יענעם זומער
ביים גוטן ליבן פעטער בער.

אָט איז דער טיש, גרוי אָפּגעקראָכן
די גרינע הייסע ווענט פון קיך.
דאָ זיצט ביים טיש אַ מידער שכן,
דער מידער פעטער בער און — איך.

און קאָרטן, פייכט פאַרפעטסטע קאָרטן,
וואָס קלעפּן פון די פינגער היים,

און גראָשנס פונעם אָפּגעשפּאָרטן,
פֿאַרטרערט פון היץ מיט שימל־שוויים.

און איבער אונדז — אַ הייסער האָרן
פון גאַזליכט אין אַ גרינער מיץ...
און דורך דעם פענצטער אינעם גאָרן
דער אָוונט אָטעמט מיט זיין היץ,

און מיט זיין נאָגנדיקן טומל
פון קינדער, רעדער און די קלאָג,
וואָס רייסט זיך מיט אַ שאַרפן דרומל
פון קאַטערינקעס אויפן ראָג.

און מיר — מיר זיצן דאָ אין דרייען
אין שפּיל ווי אין אַ הינערפּלעט:
דער שכן פרייכלט ווי אַ שלייען,
וואָס ליגט אָן וואַסער אויף דער ברעט;

דער פעטער ווישט פון נאָז כּסדר
דעם שוויים און ברומט אַ מזל־וואָרט
ביים טאַשן קאָרטן אין אַ סדר,
ביים נעמען קאָרט און געבן קאָרט.

און מיר איז אומעטיק — צום שטאַרבן:
די שפּיל, מיין נאַכט, מיין מידער שלאָף,
מיין טאָג אַ לאַנגן און אַ האַרבן,
דאָס שטעפּראַד דרייען אָן אַ סוף.

נאָר איך בין שוין געווען פאַרזונקען
אין אומעט — אין זיין מוטנעם שטראָם,
וואָס האָט דאָ אַלעמען פאַרטונקען
מיט לייב און לעבן אין זיין תּהום.

## ליד צו ניו־יאָרק

ניו־יאָרק, ניו־יאָרק, ווי זאָל איך לויבן
דיין פּראַכט, דיין גרויסקייט און דיין רום? —
איך ליג אַ שטויב אין דיינע שטויבן,
און פאַר דיין גרויסקייט בין איך שטום.

נאָר דו ביסט דאָך אויף מיינע אויגן
געוואַקסן, ווי אויף מיינע הענט;
אויף מיילן רחבות זיך צעצויגן
מיט סקווערס, מיט עוועניוס, מיט ווענט!

די טורעמס, — דיינע וואָלקן־קריכער —
דער וואַלד פון אייזן און גראַניט!
דיין וווּנדערלעכער שיינער וויכער
פון רעדער, גייערייי און טריט!

פון דיין אַספאַלט די ברייטע שפּיגלען!
די באַנען דיינע — שלענג אויף שלענג!
און דיינע בריקן — מאַך פון פליגלען
פון טייך צו טייך, פון לענג צו לענג!

פון דיינע נעכט דאָס גאָלד פון ליכטער, —
אין ים צעצונדן אין איין ליכט!
מיליאָנען אויגן און געזיכטער,
וואָס וואַכן אין דיין אָנגעזיכט!

און דיינע טעג — דער גרילץ פון האַמערס,
דער שוויים פון אַרבעט אין דיין גנאָד
פון הענט — מיליאָנען שטאָל און קלאַמערס, —
דאָ ביי דיין רויכנדיקער ראָד!

אויך איך האָב דאָ אין טריט געטראָטן
אויף דיין צעשפּיגלטן אַספאַלט!
דאָ — אומגעזוכט פון גליק דעם שאָטן,
דאָ — מיט דיין שאָטן אויפגעשטראַלט.

און דאָ — מיט אויסגעדרייטע פינגער
דעם שטעפּער־ראָד דורך טעג געדרייט;
און דאָ — אין נעכט מיט ברידער־זינגער
מיין ליד אויף דיין אַספאַלט פאַרזייט.

און מיט מיין ליד אין שיינקייט ריינער
און פון מיין פּנים מיט מיין שווייס,
דיין יעדן פּוס פון דיינע שטיינער
האָב איך געהייליקט פאַר דיין גרייס.

## ניעזשין

ניעזשינער שליאַכן און שליאַטעס,
אוגערקעס, ווערבעס און שטרוי!
איבער די כאַליעוועס בלאָטעס,
איבער די דעכער דער שניי.

בעטלער אין מאַרק מיט באַנדורעס,
אָקסן מיט קעפ צו דער ערד;
קיילער, חזירים, באָכטורעס,
מעקלער מיט קאַלטענע בערד.

און איבער שמויסענע היטלעך
הימל, די בלוי ווי אַ ים;
בושלם, וואָס קלאַקלען געמיטלעך,
זון מיט איר פייער אין קאַם;

טשערעדעס, שטויב ווי פון זיפּן,
בייטשן, ווי קאַסעס אין שניט;
גאָגאָל מיט סם אויף די ליפּן
שמייכלט פון גרינעם גראַניט;

און מיטן צלם פאַרריסן
איבער דער זיבעטער גאַס;
שיפּורע חגאות צו גריסן
קלינגלט דער הייליקער ספּאַס;

און מיט די גרינע ראַקיטעס,
און מיט אַ תהילימדיק וואָרט,
חברה קדישא און מיטות
ציִען צום הייליקן אָרט;

און ביי די פריזבעם די באָבעם
ציִען, ווי גרילן אין נעכט,
מעשׂיות פון שדים און זשלאָבעם
און אליהו גאָטס קנעכט;

און מיט זיין גנבישן קעפל,
באָרוועס, אַ הינטל פון קייט,
קריכט מאַני לייבל נאָך עפל
איבער אַ פּריצישן פלויט.

הער! כאָרן פון שיכּורע קומעס,
בעסער — געזאַנג און געשריי,
וויינען פון שעווטשענקאָס דומעס:
— העי, דו ניט זינג, סאָלאָוויי!

און אַז די נאַכט איז צעשטערנט,
פול מיט געזאַנג און געוויין,
האָרכט מאַני לייבל און לערנט
וויינען און זינגען אַליין.

אָט קומסטו מיר אַנטקעגן
אַ ייִנגל אַ פאַרשייטער;
קומסט פון אַ גויִיש געסל,
אַ באָרוועסער, צעכראַסטעט,

מיט אַ פאַרבלוטיקט נעזל;
די שוואַרצע האָר צעפּאַטלט,
דער דאַשעק פון דעם היטל
איז אויף אַ זייט פאַרקראָכן;

און שאַרף אַפיר דעם דאַשעק,
די אויגן — גרינער פייער,
ווי בליאַסקענדיקע מעסערס, —
אַ שייגעצל אַ קליינער,

אַ שייגעצל מיט שקאָצים,
וואָס פּאַשען די חזירים.
נאָר דו ביסט ניט קיין שייגעץ,
דו ביסט אַ חדר-ייִנגל.

די גרין פון דיינע אויגן
פאַרציט אַ גרויער אומעט —
אַ וואָלקנדל פון טרויער
פון זיידעס — עלטערזיידעס

אין גויִישער אוקראַיִנע!
און ס'האָבן פּראָסטע ייִדן
אין טאָג פון דיין געבוירן
געפרייט זיך מיט דיין קומען;

און באָבעס אין די הויבן,
זיי האָבן דיך געוויקלט
אין לייוונטן און קלאָרע,
אין וויקעלעך און ווייסע;

און ס'האָבן שיר־המעלותן
געהיט דיין מאַמעס קימפּעט
און האָבן דיך באַשירעמט
פון שדים און ניט־גוטע;

און ס'איז געווען דיין קוואַטער
אַ פעטערל אַ בלאַטער,
אַ מומעלע אַ לאָמע —
אַ כּשרע נשמה;

און סנדק איז — בכבודו
געווען דיין פרומער זיידע...
ביסטו אַ ייִדיש ייִנגל
און פּאַשעסט ניט מיט שקאָצים

די טשערעדעס חזירים
אויף ווייכע גרינע לאָנקעס
העט, הינטער די זאַסטאַוועס.
נאָר אַז דיר ווילט זיך גריילעך

אַ קליינער פּאַסטעך ווערן, —
ביסטו אַ קליינער פּאַסטעך. —
דו האָסט אין געלן חומש
מיט דודן דעם פּאַסטעך,

דעם רויטן שיינעם ייִנגל,
אין טאָלן פון בית־לחם

די קליינע שאָף געפּיטערט.
האָסט ווי דער פּאַסטעך דוד

אַ ציגנפעל געטראָגן
אויף דיינע יונגע לענדן;
און האָסט מיט אים אין איינעם
די האַרף געלערנט שפּילן,

צו זינגען אויף די סטרונעס
פאַר שאָף און פאַר מזלות,
אַז דיר זאָל אויך באַשערן
צו שפּילן פאַר אַ קעניג,

זיין אומעט — מרה־שחורה
צו שטילן און פאַרטרייבן.
און מיט דעם פּאַסטעך דוד
האָסטו מיט אים אין איינעם

פון באַך די גלאַטע שטיינער
צו זיך אין פּאַסטעך־זעקל
געקליבן, — און געלערנט
פון שליידערער צו וואַרפן, —

אַז דיר זאָל אויך באַשערן
אויך מיט אַ שטיין צו שלאָגן
אַ גלית פון די גויִים,
אַ שׂונא פון ישׂראל...

## אַ וואָרט אַזאַ

אַ וואָרט אַזאַ אין צער, וואָס בליט פונאַנדער שפּעטער,
ווען יעדע טרער איז אויסגעווישט — און פאַר די אויגן
גייט אויף דער האַרבסט: דאָס גאָלד פון פאַלנדיקע בלעטער,
די זון אין שפּינוועבס, נעפּל אויפן טייך געצויגן;

דאָס גראָז, וואָס רויכערט זיך דורך בערגלעך און דורך טאָלן;
אַ ווייטער בושל פּליט, פּאַרפּליט... און דאָרטן, העכער,
שטייט ניעזשין — ווייסע קלויסטערס, גאָלדענע קופּאָלן,
צלמים אין דער זון און רויטע, גרינע דעכער.

# מיין טאַטע

שבת-אומעט, נאָך הבדלה
ביי דעם סאַמאָוואַר דעם קאַלטן,
אין זיין האַנט זיין באָרד אַ שמאָלע,
אין דער באָרד זיין זאָרג באַהאַלטן,

שטייט ער אויף דעם יאָך צו טראָגן:
ווישט די שויב און מעסט די שטערן,
שפּאַנט אין הויף דאָס פערד און וואָגן,
אויף ירידן נעלם ווערן;

אַז אין שטיבל פלעגט אונדז בלייבן
וואָך און קינדער, נויט אין וויגן.
נאָר די מאַמע פלעגט פאַרטרייבן
צער און צרות מיט אַ ניגון.

זונען אויף די פענצטער הענגען.
פרייטיק קומט ער פון ירידן
און צו אונדז אין שטיבל ברענגען
פרייד און ריחות, ברויט און פרידן:

ווייב און קינדער — זיין עשירות,
אייגן ביסל בלוט אין איינעם, —
שבת-ליכט און אונדזערע זמירות
ברענגט צום פענצטער אַלע שכנים.

נאָר אין שנייִקע פאַרטאָגן
האָב איך מיט אַ קינדערש אויער
אָפט געהערט זיין תהילים זאָגן,
זיין געוויין און שטומען טרויער.

טרויער פון אַן עלטער־זיידן ?
טרויער פון אוקראַינער פליינען ? —
ניט אין וואָרט אַרויסצוריידן,
ניט אין תהילים אויסצוויינען,

נאָר אין בלינדן בלוט פון קינדער
און אויף אייביק איבערגעבן.
און זיין טרויער איז אַ בלינדער
אויפגעגאַנגען אין מיין לעבן.

## דער פייפער

אין בוזים — ברויט אַ רייפל,
מיט טרויער פון די טעג,
בין איך מיר מיט מיין פייפל
אַרוים אין ברייטן וועג.

און הילכיק, העל און הייטער —
אַ גלעקל פון פאַרפרי,
בין איך געגאַנגען ווייטער,
אַ פייפער פון ניט הי.

האָב איך געפייפט פאַר קינדער,
פאַר גראָז און קלוגע לייט,
פאַר וואָלקן און פאַר רינדער,
פאַר ווינט און פאַר דער וייט.

דער קלוגער האָט פאַרנומען?
אַ גראָז, אַ קינד, אַ רינד? —
אַן אָפּהילך איז געקומען
פון וואָלקן מיטן ווינט.

בין איך מיר מיט מיין פייפל
געגאַנגען מיט מיין וועג,
מיט ברויט אַ האַרטן רייפל,
מיט טרויער פון די טעג.

איז ווער וועט וואַרפן שטיינער
אין מיינע ווייטע טריט?
אַ פייפער נאָר אַזוינער, —
קיין נביא בין איך ניט!

## איך בין...

איך בין מאַני לייב, ווייט און ברייט אַ באַוווּסטער,
פון בראָנזוויל ביז יעהופּעץ — העט;
מיט אַלע שוסטער — אַ גוטער שוסטער,
מיט אַלע פּאָעטן — אַ גוטער פּאָעט.

אַ יִינגל ביים ווערקשטעל, ביי דער שווערער קאַפּילע,
אין נעכט פון לבנות — אַ מאָל, אַ מאָל,
איז צו מיין האַרצן אַרונטער אַ ליד ווי אַ תּפילה,
און פון דער האַנט איז געפאַלן די אָל.

דאָס איז גנעדיק די ערשטע מוזע געקומען
און געקושט די ליפּן ביים שוסטער־יונג,
און איך האָב יענעם זיסן שוידער פאַרנומען,
וואָס גיט דאָס וואָרט צו דער שטומער צונג.

און מיין צונג איז געוואָרן צו אַ קוואַל אַ קלאָרן,
און מיין ליד האָט אויפגעהילכט ווי פון ניט הי;
און מיין ענגע וועלט איז מיר אָפן געוואָרן,
און זים איז געוואָרן מיין ברויט און מי.

די שוסטער־יונגען, די געטרייע געזעלן,
זיי האָבן געגאַפט, ווי איך זינג מיט גוסט.
זייער ביטער האַרץ איז מיין ליד געפעלן,
נאָר צו וואָס איך זינג האָבן זיי ניט געוווּסט.

און גערייצט פון אומעט אין מיזאַמען לעבן,
האָבן זיי מיט חוזק מיך אויסגעשפּעט,
און אויף אייביק אַ צונאָמען מיר געגעבן:
גראָם־שטראָם לאַטוטניק, גראָם־שטראָם פּאָעט.

איז זייט מיר געזונט, מיינע טייערע ברידער,
ביים ווערקשטעל מיט אייך — גייט מיר ניט איין.
אין האַרצן די מוזע, אין בוזעם לידער —
איך גיי צו פּאָעטן אַ פּאָעט צו זיין.

און אַז איך בין צו די פּאָעטן געקומען, —
אַ פויגל אַ קליינס און אָקאָרשט פון איי, —
האָבן זיי מיט גרויס כּבוד מיך אויפגענומען,
און איך בין געוואָרן איינער פון זיי.

אַך, פּאָעטן, זינגער ווי די פייגל פרייע! —
באַגייסטערט און בלייך און מיט אונדזער ליד,
מיר האָבן געזונגען פון שיינקייטן נייע,
ווי די בעטלער הפקר אויף אַ יריד.

און מיר האָבן געזונגען און די וועלט פאַרקלונגען,
די הערצער באַצוווּנגען פון העק צו העק,
געריסן די לונגען און דעם הונגער געשלונגען, —
אַז ניט איינער פון אונדז איז פון דער וועלט אַוועק.

און גאָט, וואָס ער שפּייזט אַפילו דעם וואָרעם,
איז זיין גנאָד צום פּאָעט געווען ניט גרויס.
בין איך מיר צוריק אַוועק באָרוועס און אָרעם
צום ווערקשטעל עסן מיין ברויט אין שווייס.

און אַ דאַנק דיר, מוזע, פאַר דיין גרויסער מתּנה,
כאָטש אין דיינע שפּייכלערס איז קיין ברויט ניטאָ.
און ביי דער קאַפּילע נאָר מיט ריינער כּוונה
זאָל איך דיר דינען ביז מיין לעצטער שעה.

און מיין נאָמען זאָל זיין ווייט און ברייט באַוווּסטער,
אין בראָנזוויל — יעהופּעץ און ווייטער, העט —
און אַ דאַנק וואָס איך בין ניט קיין פּאָעט אַ שוסטער,
וואָס איך בין אַ שוסטער אַ פּאָעט.

## ווי דער ציגיינער

איך פֿאָר ניט אַרום אויף די ווייטע ירידן,
און ניט איך האַנדל מיט וואָל און פֿעל,
און ניט איך לערן פֿון די סוחרים ייִדן
די קלוגע מעשׂיות ביים שכנס שוועל.

אַ בעל־מלאכה מיט איידעלע פֿינגער,
באַצווינגט די צווענגל און די שאַרפֿע אָל,
איך שניץ מיין ליד, דאָס איז שיין און גרינגער
ווי קויפֿן פֿעל און דינגען וואָל.

מיין שיינער תּכלית — אויף לייטס געלעכטער:
איך בין אַ שטילער, אָרעמער יאָלד,
און ניט איך פֿאַרגרייט פֿאַר מיינע טעכטער
קיין קאַסטנס לייוונט און רענדלעך גאָלד.

איך פֿאָר מיר זומער אַרום אויף אַ שליטן, —
זעט מיין בייזוווּנדער דער גאַנצער יריד,
ווי יענער ציגיינער — האָב איך פֿאַרביטן
מיין שיינעם תּכלית נאָר פֿאַר אַ ליד.

## איך בין אַרויס

איך בין אַרויס אין וועג די וועלט באַטראַכטן,
באַווייזן זיך אַליין,
פאַרזאַמלען פריינט ביי שייטערס נאָך די שלאַכטן,
געווינען זיך די קרוין.

וואָס דען וואָלט מיך מיט צוזאָג דער ניטגוטער
געררייצט — אַרויסגעפירט?
איך דאַרף דעם וואָלקנדל אין ראָזן פּערלמוטער,
וואָס האָט מיך אָנגערירט.

מיין רום אויף וואָלקנדלעך! — מיין פיילנבויגן
זייט אומעטום מיין רום.
מלאכים גרויע מיט פאַרוויינטע אויגן —
פריינט — רינגלען מיך אַרום.

איך זאַמל פריינט מיט פריינטשאַפט, אונטערטענען,
מיין שוואַכער פריינט, ניט וויין.
אויף אַלע וועגן העלע שייטערס ברענען,
אין יעדן פונק — מיין קרוין.

## פערזן

אין האַרצן פּלוצלונג פּלאַצט אַ ציטער אַ געהיימער,
און מיט געזאַנג די ליפּן עפענען זיך האַלב;
און צווישן מענטשן־שטראָם, ווי אין אַ וואַלד מיט ביימער,
איך פלאַטער אויף מיט לידער ווי אַן ערשטע שוואַלב.



דו ערשטע שוואַלב! וואָס קאָנסטו היינט אונדז ברענגען?
אַ העלן קלאַנג פון נייע טעג? — וואָס נאָך? — וואָס נאָך?
דער ווינט איז דאָ מיט אונדז און טרערנדיקע וואָלקן הענגען,
און קרייטאַך גרויט ביים וועג אין ווינטערדיקן מאָך...



מיין האַרץ, פאַרשאָלטן זיי, אויף אייביק זיי פאַרשאָלטן! —
ליגסט פינצטער ווי אַ שלאַנג אַליין אין דיין געביין;
דיין סַמיק צונג אין צינגער זיבעצן געשפּאָלטן,
ווי הערנער שרייען זיי פון מיין פאַרשפּילטער קרוין...



מיר איז באַשערט צו זיין דער לעבעדיקער עדות
פון דולע טעג צעטומלטע... מיר איז באַשערט געווען
געגלעט צו זיין אין בערד מיט קלוגע הענט פון זיידעס,
און זען דעם טאָג, וואָס נאָר מיין אייניקל וועט זען...



פּאָעט, ווער דאַרף דיך דאָ? לעש אויס דיין שטילן פייער!
און לאַנגע נאַכט און שלאָף זאָל פלייצן אומעטום! —
און קום צו גיין אין חלום טרויעריק און טייער
צו איינעם אַ פּאָעט אין הונדערט יאָר אַרום!



די זון שליסט אויף דעם טאָג מיט איר גינגאָלדן שליסל.
איך קום אין טאָג אַרויס מיט ביימער, באַרג און טאָל.

גלייך ווי אַ קינד, וואָס שטעלט צום ערשטן מאָל זיין פיסל,
קום איך צום טויזנטסטן און ווי צום ערשטן מאָל.



ווער האָט אַ רעגנדל אויף פעלדער אויסגעשאָטן? —
די וואָלקנדלעך צעטריבן מיט אַ לייכטן בלאָז?
און פון דער זון אַ צי־געטאָן פון איר געזיכט דעם שאָטן?
זון, זון. מיר קומען: איך, די ווערעם און דאָס גראָז.



די בהמות קייען גראָז און קלינגען מיט די גלעקער.
מיט פעטן שווייס פון ערד שמעקט זים די הייסע לופט.
איך שטיי אין פעלד און גאַף — אַן אַלטער פייגל־שרעקער, —
איך שרעק די פייגל נאָר, און יעדער פייגל רופט.



און איך האָב ליב די ערד, דעם חבר און דעם פרידן,
די רו, דאָס פראָסטע ברויט, די האַנט, וואָס מיט זיך שווער;
דאָס ריינע גאָלד פון וואָרט אין לידער איבערשמידן,
ווי יענעם נביאס שמיד — שמידט אַקערס פון געווער.



און די גערעכטע שווערד, פאַרוויקלט אין די פאָנען
אין קאַלטן ראָסט און שימל, אין אַ ווינקל ליגט.
איצט קומט איר הייטערע דאָס ליד פון פרידן מאָנען.
האָב איך דאָס ליד פאַרגרייט, ווען איר האָט דאָרט געזיגט.



אָ, האָפענונג, וואָס זאָגסטו צו? וואָס קומסטו רייצן?
מיין קאַלטע רו אין יאוש ליבערשט ניט באַרויב!
דאָס גליק? — גענוג נאָך בלוט זיין פנים וועט פאַרפלייצן...
דאָס גליק... אָט איז מיט אונדז געווען דאָ משה לייב...

## פאַר וועמען?

פאַר וועמען אויפצושיינען,
דעם שמייכל אויסצושפּרייטן? —
דער פריינט איז אַ פאַרשטעלטער
און גרייט פאַר דיר פאַרראַט.
די זון האָט אויסגעוואָרעמט
און אויסגעגרינט דאָס בלאַט
און ביי אַ פלויט פאַרגעסן
אין געל־גראָז אַ פאַרשנייטן.

אַליין אַן איינגעשרומפּטער, —
אַ יאָדערל אין ניסל,
און מיט דעם בלאַט פאַרפוילן
אַ ביטערער אין גראָז —
אין שניי זאָל מיך דערשמעקן
דער הונגעריקער האָז,
און ביטערקייט זאָל בריִען
זיין שרעקעוודיקן פּיסל;
און שרעק אין בלאַנקע צייכנס
אויף שניי וועט ער צעיאָגן
און איבער ווייסע ווייטן
מיין ביטערקייט צעטראָגן.

## אברהם ליעסין און איך

אויף גאַסן ניו־יאָרקער מיט הענדלער און שטויב,
אויף יִדישע גאַסן מיט יִדישן דרויב,
שפּאַצירן מיט אייביקער זון איבער זיך
פּאָעטן צוויי יִדישע — ליעסין און איך.

ער — מענערש און טראַציק — אַ לייב פונעם שטייג;
איך — יִינגלש און בייגיק און גרין ווי אַ צווייג.
ער — ליטווישע חכמה זיין פּנים פאַרקאַרבט
מיט ליד און מיט תּורה, פון אָבות געאַרבט.
און איך — אויף מיין אַקסל איך טראָג ווי מיין קלייד
דאָס ליד פון אוקראַיִנער שוואַרצערדיקער פרייד.

מיין עלטערער ברודער — ער גייט ביי מיין זייט
און פיבערט אין זעונג דורך ווייט און דורך צייט:
ער פיבערט מיט ליד, און אין ליד קומט צו גיין
דער העלד און דער קדוש געשטאַלטיקט אין שטיין.

און דאָ אויף די גאַסן מיט הענדלער און שטויב,
אויף יִדישע גאַסן מיט יִדישן דרויב,
קדושים און העלדן — געשטאַלט נאָך געשטאַלט,
זיי וואַקסן אַרויס פונעם האַרטן אַספאַלט.

זיין יִנגערער ברודער — איך גיי ביי זיין זייט,
און פלאַפּל אָן תּכלית און פלאַפּל פאַרשייט
פון שיינקייט, וואָס איך האָב אין חלום דערזען,
וואָס איז אין דער וואָר נאָך ביי אונדז ניט געווען.

און דאָ אויף די גאַסן מיט הענדלער און שטויב,
אויף יִדישע גאַסן מיט יִדישן דרויב,

די שיינקייט אין פאַרבן אין זיבעצן שטראַלט
און זינגט פונעם טויבן און האַרטן אַספאַלט.

אויף גאַסן ניו־יאָרקער מיט הענדלער און שטויב,
אויף ייִדישע גאַסן מיט ייִדישן דרויב,
שפּאַצירן מיט אייביקער זון איבער זיך
פּאָעטן צוויי ייִדישע — ליעסין און איך...

## משה לייב

### א

דאָ מיט אונדז האָט געטרויערט אַ מאָל
אונדזער ברודער דער יונג משה לייב.
און געהאַט משה לייב האָט אַ קול
פון אַ גרימיקן, ברומיקן לייב.

און געהאַט משה לייב האָט צוויי הענט
ווי די לאַפּעס די צוויי פון אַ בער;
און צוויי אויגן — דער הימל וואָס ברענט
אין דער בלוי פון אַ קינדערשער טרער.

און אַ פּנים — אַ וואָלף, ווען ער שפּרינגט
אויף דער סטאַדע מיט בלוט אין די ציין;
און אַ שמייכל — אַ תּפילה, וואָס קלינגט
פאַרן קינד, פאַרן רינד, פאַרן שטיין.

און עשירות וואָס ער האָט געהאַט —
איז אַ רייזעלע מיט אַ יינגעלע
און אַ ליד פון אַ רויך, פון אַ בלאַט,
פון אַ קלאָונדל מיט אַ גינגעלע.

איז דער לייב אין דער מדבר אַוועק
און אַרום צו די רוימען געברומט,
און געוועקט אין פאַרוויסטונג די שרעק
און אין שרעק און פאַרוויסטונג פאַרשטומט.

און דער בער האָט די לאַפּעס די צוויי
אינעם קבר אַנידערגעלייגט;
און די אויגן — די ערד האָט פון זיי
זייער הימל געזייגט, אויסגעזייגט.

און דער וואָלף — און דער וואָלף איז פאַרצוקט
אין דער נאַכט, ווי אַ הייליקע שאָף.
און דער שמייכל — ער האָט זיך פאַרקוקט
אויפן שלאָף און געוואָרן ווי שלאָף.

איז געבליבן — וואָס ער האָט געהאַט:
זיין איין רייזעלע מיט זיין יינגעלע
און זיין ליד פון אַ רויך, פון אַ בלאַט,
פון אַ קלאָונדל מיט אַ גינגעלע.

ב

אויף דער עוועניו דאָרט אויף דער ברייטער,
גרוי און שלאַנק, אין עלעקטרישן שטויב,
און אין שאָטנס פון נאַכט אַ פאַרוויטער,
איז געשטאַנען אַליין משה לייב.

איבער קעפּ הויך זיין פּנים זיין הייסן
שטאָלץ פאַרריסן און וועלפיש פאַרשאַרפט —
אפשר האָט ער אַ פריינט דאָ פאַרשטויסן,
אפשר האָט ער אַ פריינט גאָר געדאַרפט...

„משה לייב"... מאַני לייב... און אַ ציטער
אין דער ברייטער געצערטלטער האַנט...
„משה לייב"... משה לייבן איז ביטער,
און די שטאָט איז איין שטיינערנע וואַנט...

און ער קרימט ווי אַ קינד ניט קיין בייזן,
נאָר אַ שמייכל וואָס שניידט ביז אין ריפּ,
פון דעם פראַנטישן קנייטש פון די הויזן,
ביז דעם קנייטש פון דער נעגערשער ליפּ.

און די אויגן — פון הימל נאָך בלויער,
לאַכן ייִנגלש פאַרשייט און ניט גוט.
און צו מיר איז דאָס בלוט פון זיין טרויער
טיף אויף אייביק אַריין אין מיין בלוט.

אויף דער עוועניו, דאָרט אויף דער ברייטער,
גרוי און שלאַנק, אין עלעקטרישן שטויב
און אין שאָטנס פון נאַכט אַ פאַרוויטער,
איז פאַרבליבן אַליין משה לייב.

## די שטערן טריפֿן

די רויזן פּלאַצן פֿון צו פֿיל ריחות,
די שטערן טריפֿן פֿון צו פֿיל ליכט.
צום ווייסן אַקסל פֿון צו פֿיל כּוחות
פֿאַרחלשט נייג איך מיין געזיכט.

פֿון צו פֿיל יוירן די פּעטע ביימער
מיט פֿייערפֿליגן גייען אוים.
אַ פֿליגל פֿייער און אַ געהיימער
אויף הייסע רוימען בליצט אַרוים —

און די לבנה אין פֿייער פֿיטערט
מיין האָפֿנונג דאָרט אויף יענעם פֿליין.
דער ווייסער אַקסל האָט אויפֿגעציטערט
ביז אין דער פֿרייד פֿון מיין געביין.

## ביים קאָרטן־טיש

דו האָסט אַזוי פיל נעכט ביים קאָרטן־טיש צעפּאַטערט
ביים געלן ליכט מיט פרעמדע און מיט גוטע פריינט;
די קאָרט האָט היים גערייצט, פון האַנט צו האַנט געפלאַטערט,
פאַר דעם געלאָשן זיך, פאַר יענעם אויפגעשיינט.

דו האָסט דיין קאָרט געזוכט אין רעגונג אויפגעהעלטער,
געפּלאָנטערט זיך פון שטריק, פאַרוואָרפן יענעם שטריק.
אין ליידיקייט פון האַרץ, אין גייציקייט פאַרשטעלטער
נאָר טאָן אַ לעק דעם זויל פון כּלומרשטדיקן גליק.

אין יענעמס אויג אַ ווונק — ווי גאָלד האָסטו געוווינן,
געמאָסטן ווי אַ חיה מעסט אַ צווייטערס טריט,
און יענעמס האַנט האָסטו מיט ניט פאַרשעמטע אויגן
ווי אין דער פינצטערניש גנבימלעך געהיט.

דו האָסט פאַרגעסן דיין פריינטשאַפט מיט דער שיינקייט,
דיין אַרבעט און דיין רום, דיין האָפט פון הויכן וואָרט.
און קליינקייט נישטיקע אַנטקעגן פרעמדער קליינקייט,
אַנטקעגן יעדער קאָרט האָסטו געצויגן קאָרט.

אָ, נעכט ביים קאָרטן־טיש ביז בלויען פון פאַרטאָגן,
און ביז דאָס העלע ליכט פון זון האָט אויפגעברענט,
ווען דו האָסט דאָס געווינס אַהיים צו זיך געטראָגן
מיט קלעפּיקע, ווי שימל, ווייַנענדיקע הענט.

## מיט זונען...

מיט זונען אויפגעשטאַנען, מיט זונען אויפגעלויכטן,
מיט זונען אין די אויגן מיך צו דער מי באַגלייט.
מיט זונען מיך באַגעגנט — אַ ליכט אַן אויסגעהויכטן,
מיט זונען אין די שמייכלען מיין טיש פאַר מיר געגרייט.

אין אַלע שויבן זונען, אין אַלע טעלער זונען,
און אויף מיין ברויט און מעסער און אויפן ווייסן טיש.
מיין כּלה — מיין באַשערטע, מיט זונען דורכגעשפּונען,
די ריינע הענט ביים פייער, ווי מאַנדלען שמעקן פריש.

געבענטשטע הענט ביים פייער — געשייערט און גערייניקט,
און אַלע זונען לייכטן פון אירע ריינע הענט.
און זונען מיט דער ליבשאַפט און מיט דער מי פאַראייניקט,
אין אָרעמקייט אין שטילער פאַרשטראַלן מיינע ווענט.

## צום גאָלדענעם ראַנד

אַ האַרץ אין אַ האַרץ און אַ האַנט אין אַ האַנט,
זיי גייען אַרויף מיט דעם גאָלדענעם ראַנד.

זיי גייען — צוויי זיילן אין זוניקער רויט,
די וועלט ווי אַ טעפּעך פֿאַר זיי איז צעשפּרייט.

די אויגן ווי פֿיילן און פֿליגל — די טריט,
אין הייליקן פֿייער פֿאַרפֿלאַמט דער געמיט,

מיט קעניגלעך יונגע, געהויבענע קעפּ,
זיי גייען אַרויף מיט די גאָלדענע טרעפּ.

און דאָס, וואָס זיי רעדן, איז לויטערע פֿרייד,
און זייערע שמייכלען איז מער נאָך פֿון רייד.

זיין האַנט אויף איר אַקסל — אַ פֿאַנצער פֿון שטאָל,
איר האַנט אויף זיין דיך — ווי אַ גאַרטל פֿון וואָל.

אַ האַרץ אין אַ האַרץ און אַ האַנט אין אַ האַנט,
זיי גייען אַזוי צו דעם גאָלדענעם ראַנד.

## אַ טויב מיט אַ טויב

ביי נאַכט האָט דער ווינטער
געבלאָזן מיט ווינט
און האָט אין מיין טינטער
פאַרפרוירן די טינט.

אזוי איז פאַרבליבן
דאָס ליד ניט פאַרשריבן
פון דיר און פון מיר
אויפן ווייסן פאַפיר...

דאָס ליד פון אונדזביידן —
צוויי ווינטן אין שניט,
וואָס ווילן זיך שיידן
און שיידן זיך ניט.

נאָר איך האָב געפונען
אין פראָסט און אין זונען
דאָס ליד אויף מיין שויב —
אַ טויב מיט אַ טויב...

## טויטע זאַכן

טאָגטעגלעכע טויטע זאַכן,
וואָס רינגלען אונדז דאָ אַרום —
פאַרזעענע פריינט, וואָס וואַכן
און האָרכן אונדז קלוג און פרום.

דער טיש, דער פאָרהאַנג, אַ צירונג,
אַ קלייד, אַ טעלער, די ווענט —
זיי לעבן פון יעדער באַרירונג
פון אונדזערע קלוגע הענט.

און אַלץ וואָס מיר טוען און רעדן
אין אונדזערע טעג און נעכט,
פאַרנעמען זיי קלוג און באַשיידן
און שווייגן געטרייע ווי קנעכט.

נאָר מיר פאַר די טונקעלע שוועלן
פון לעבן — מיר זעען ניט העל
דעם טרויער פון זייערע זעלן,
וואָס טרויערן אין אונדזער זעל.

## ביים ברעג

דער הימל און דער ים — אַ שפּיגל אויף אַ שפּיגל.
אין מיטן — בלענדט די זון די בלויע ווייט.
און דאָרט, אַ פּינטל, אומרויִק, אַ מעווע שרייט
און שניידט די שפּיגלען מיט איר שוואַרצן, ווייסן פליגל.

און קוים דאָס אויג נעמט אָן: אויף טיפן און אויף ריפן
אַ לייכטער שאָטן וואַקסט. אַ זעגל? — ניין. אַ רויך?
מיין ברעג איז בלייך. איך וואַרט מיט תּפילות אויף מיין הויך,
אויף מיינע מידע, ווייטע, ליבע שיפן.

## איך האָב געזען...

דער ים איז ווי אַ קינד אין וויגל
פאַרוויגט געשלאָפן אין דער נאַכט.
פון שטערנליכט אַ ברייטער פליגל
האָט שטיל צוקאָפּנס אים געוואַכט.

גאָטס האַנט האָט אים פאַרוויגט. געשליפן
פון גרינעם ריינעם עמעראַלד —
האָט אויף זיין פנים פון די טיפן
באַרוט אַ שמייכל יעדן פאַלד.

און איך — וואָס איך האָב אויסגעזויגן
פון דולע טעג דעם גאַנצן סם, —
איך האָב געזען מיט מיינע אויגן
די האַנט, וואָס האָט פאַרוויגט דעם ים.

## שטומקייט

אין וואָרט איז ניט אַלץ, וואָס די צונג רעדט אַרויס,
ניט אַלץ, וואָס די פעדער פאַרשרייבט;
וואָס מערער די צונג און די פעדער דריקט אויס,
אַלץ מערער אין שטומקייט פאַרבלייבט.

נאָר גרויס ווי דאָס אויג און די וואָר וואָס עס זעט,
איז גרויס אונדזער שטומער פאַרלאַנג,
אַז אַלץ וואָס אין שטומקייט דאָס וואָרט ניט דערגרעדט,
אַרויסזינגען עס אין געזאַנג.

דאָך אויך דאָס געזאַנג איז ניט מער ווי איין פונק
פון פייער, וואָס צערט דאָס געביין.
דערפאַר קומט די שטומקייט און רעדט אויפן ווונק
אין פאַרב און אין ליים און אין שטיין.

אָ, שטומקייט, דיין אויג איז די גרייס ווי די וואָר,
זעסט ווונדער אַרום און אַרום,
און גאַפסט, ווי די חיה מיט נעגל און האָר,
און ברומסט מיט דיין צונג אויף דער שטום.

# סוף זומער

אומעטום גאָטס רחבות,
אומעטום זיין גנאָד.
ברויט שטייט גרייט אין נחת
אין זיין זוניק ראָד.
ניט דעם אויג צו מעסטן
פון דער ווייט די ברייט.
פריידיק שניידט דאָס מעסער
וואָס די האַנט פאַרזייט.
טונקל בלייבט דער קרייטעך
נאַקעט אין זיין פאַרב.
איבער הוילע ווייטן
ציט זיך גאַרב צו גאַרב.
אויבן פינטלען שפּאַרבער,
אונטן זינגט די גריל.
סטויגעס גאָלד אין גאַרבן
ביז דער ווייטער מיל.
און אין רויטן אָוונט
וויקלט אויף די הייך
פליגל־פלי פון סאָוועס,
ווייסן שטערן־רויך.
האָרך... דאָס פאַלט דער עפּל,
שיכּור פון זיין וויין.
נאַכט און זאַטער נעפּל,
און לבנה־שיין.
אומעטום און אייביק
זיין נר־תּמיד ברענט.
שלאָף — פאַר אַלע אויגן,
רו — פאַר אַלע הענט.

## פשוטע חכמה

די פשוטע חכמה, ווי צייטיקע גאַרבן,
זי ליגט אויף מיין שטערן אין קנייטשן פון יאָרן.
אַזוי טראָגט די בהמה געדרייט אויף איר האָרן
פון ווינטערס און זומערס די טונקעלע קאַרבן.

די פשוטע חכמה! — איך האָב דיינע קייטן
מיט בלוט און מיט אָטעם אין ליבשאַפט גענומען;
און זיס איז מיין ביטערער ברויט פאַר מיין גומען,
און טרייסט — דאָס געוויינטלעכע וואָרט פון אַ צווייטן.

און ברייט איז מיין וועג, און מיט רוישיקע פאַרבן
מיין איטלעכער טראָט איבער שטרויכלונג און דאָרן;
און גוט איז מיין ערד און מיט רו איז מיין אָרון,
אין פרייד איז מיין לעבן, און גרייט בין איך שטאַרבן.

# ווי אין אַ מעשׂה

דוד איגנאַטאָוו

חברים ווערן אַלט. זיי שטאַרבן אויס. דער טויט האָט ניט פאַרראַטן.
און טעג — זיי בייטן זיך אויף טעג, ווי ביים ציגיינער פערד.
האָסט ערשט אַליין די ערד געשאָטן אויפן קבר פון דיין טאַטן,
און דו געדענקסט שוין ניט דעם ריח מער פון יענער ערד.

אַזוי. אַזוי. נאָר אונטער אונדזער זון איז נאָך ביי דיר פאַרבליבן
אַ חבר, זיין געעלטערט פּנים טייער, ליב און גוט;
און זיסער ציטער פון אַ ליד פון דיר אָן תּכלית ניט געשריבן,
נאָר אויפגעשריבן שלאָגט עס אין דיין קלוג באַרויִקט בלוט.

אָך, ליד! — געדענקסט נאָך יענעם נאַר, ווי פון אַ מעשׂה פון פאַרצייטן,
וואָס האָט זיך דאָ מיט אונדז אין אונדזער שאָטן אָפּגעשטעלט? —
אַ נאַר — ער איז צו אונדז געקומען פון אַלדי ווילדע ווייטן
מיט זיינע אויסטערלישע מעשׂיות אויסלייזן די וועלט.

און ווונדער! — ער האָט אויסגעלייזט די וועלט. און קינדער אין די וויגן
אָן מעשׂיות שלאָפן איין און וואַקסן פונעם שלאָף אַרויס...
און אַלע זיינע מעשׂיות אין די שיינע מעשׂה־ביכלעך ליגן,
ווי אין דער מעשׂה פון „אַ מאָל — אַ מאָל — וועלט־איין, וועלט־אויס".

נאָר אין איין מעשׂה זיינער — פריי זיך, האַרץ! — דאָרט, אויף אַ ווייטן שטערן
אַ שטיבל שטייט נאָך היינט מיט גרינעם ווײַנשטאָק ביז צום דאַך;
און אויף דער טיר פון שטיבל רופט אין אָוונט פריינטלעך אַ לאַמטערן,
און אינעם שטיבל שפּילט פאַר פריינט דער אַלטער פרומער באַך.

# איך בין גאָטס בהמהלע

איך בין גאָטס בהמהלע, קליין, קליין,
אַ טראָפּן זון אין פלעקן.
מיין הויז — דער הימל אין זיין קרוין,
מיין לעמפּל — זון אַ בעקן.

מיין טיש — דאָס גרעזל, וואָס פאַרגרייט
מיין זיסן ברויט מיט פּוטער.
מיין בעט — די ערד, וואָס עפנט ברייט
איר הייסן, גרויסן פוטער.

איך בין גאָטס בהמהלע, קליין, קליין,
אַ טראָפּן זון אין פלעקן.
און וויינען וועט די ערד אַליין
מיט יעדן מינדסטן שטויב און שטיין,
ווען זי וועט מיך פאַרדעקן.

ניט וויין, מיין מאַמע ערד, ניט וויין.
איך קום מיט דיינע פלעקן,
און מיט מיין טונקעלן געביין
די גאַנצע זון מיט מיר וועט גיין
פון אַלע זיבן עקן.

## מיין אַנקער...

די טעג ווערן קירצער, די נעכט ווערן לענגער,
און קאַרגער די זון, און פאַרשאַרפטער די ווינטן,
אַלץ האַרבער די ריחות, די פאַרבן מער שטרענגער,
און ווייטער די פרייד, וואָס זי פלאָנטערט פון הינטן.

און אויבן — דער מולד, אַ דינער, אַ בלאַנקער,
שניידט הויך און אין האַרצן, געקרימט ווי אַ מעסער.
אין ליידיקער בלוי איז פאַרוואָרפן מיין אַנקער.
און מיר איז ניט ערגער און מיר איז ניט בעסער.

## זינג שטילער...

זאָל קיינער מײַן שוועל ניט אַריבער,
מײַן שטילקייט ניט שטערן;
איך וויל מער ניט הערן
דאָס רוישן פון מענטשן און רייד.

איך בין דאָך פון זיי אין מײַן ווינקל
פאַרקראָכן אין טרערן,
אין רו צו דערהערן
פון אייגענעם לעבן מײַן ליד.

זינג שטילער, מײַן ליד פון מײַן לעבן,
פאַרשטילט ווי דער קערן,
וואָס זינגט אין זיין ווערן
דורך זוניקן זינגען פון זאַנג.

# די לידער יעסענינס

די לידער יעסענינס — און ווײניק און יונג,
דערפיל איך פון קאַרשן דעם טעם אויף דער צונג.
דער בוים איז מיט קאַרשן, אָט פּלאַצט ער פון זאַפט,
און טיף אין דער ערד שפּאַרט זיין וואָרצל מיט האַפט.
איז כאַפּ פאַר אַ צווייג, און אַרויף מיטן שטאַם!
דעם בוים גייט נאָר דורך אַ פאַרבאָרגענע קראַם —
אַ ציטער — פון אונטער דיין יִינגלשער זויל.
און קאַרשן אין זשמעניע, און קאַרשן אין מויל,
אַז איבער דיין מאָרדע, אין העמד אַזש אַריין,
רינט איבער מיט בלוטיקן זוניקן וויין.

ביסט שיכּור. די אויגן נאָר ניכטער און דין —
זיי זופּן די פרייד פון אַרומיקער גרין.
זעסט אונטן אַרום, ווי פון מאַמעשן שוים
דער אויפגאַנג פראַלט איבער די פעלדער אַרוים
מיט מילביקן קאָרן און בערשטיקן פלאַקס,
נאָך גרין אין דעם גראָז ווי פון לויטערן וואַקס.
זעסט בייטן מיט בלויען צעבלעטערטן קרויט,
די יונגע פּאַסאַליע וואָס שוועלט פון איר הויט,
די דינינקע אוגערקעס — פּיצעלעך שמאָך —
אין גאָלדענע קריינדלעך און זיידענעם מאָך, —
וואָס רייפן און טרינקען די זון פון די טעג.
און דאָרט, מיטן פעלד, אויף אַ זייטיקן שטעג, —
אַ שייגעץ. פאַרריסן זיין גאָלדענער קאָפּ, —
אויף גרין פון די פעלדער — אַ האָבערנער סנאָפּ.
אין לאַפּטשעס, אַ שטריקל פאַרגאַרטלט זיין העמד,
און אויגן, וואָס בלויען ניטדאָיִק און פרעמד.
ער גייט מיטן שטעג צו דער שטאָט און ער פייפט
אַ ליד צו דעם ברויט, וואָס גייט אויף און וואָס רייפט
מיט מילך און מיט האָניק פון גרעזל און בייט

מיט פרייד פאַר דער האַנט, וואָס זי האָט עס פאַרזייט;
אַ ליד צו דער קו אויף דער לאָנקע, וואָס שוועלט
מיט ליכט אין די אויגן, מיט ליכט פון דער וועלט.
ער פייפט און אים פירט ווי אין חלום זיין טראָט
פון היימישן דאָרף צו דער שטיינערנער שטאָט,
צו ווערן אַ פייפער, אַ זינגער, אַ לייט,
זיין נאָמען צעקלינגען דורך וויַיט און דורך צייט.

דער שייגעץ ווערט נעלם. פאַרגייט מיטן שטעג,
זיין פייפן פאַרשטומט אין די דאָרפישע טעג.
די גריל נאָר דורך פעלדער אַ זוניקע זינגט,
דער ווינט נאָר דורך זאַנגען אַ גאָלדענער קלינגט.
און באַלד קלינגט די קאָסע שאַרף איבער דעם זאַנג
מיט פויערשער מי, מיט זיין פרייד און געזאַנג.
און באַלד וואַקסן נאַקעטע פעלדער אַרויס
ביז שכנישע דערפער אין האַרבסטיקן שמויס,
מיט ווינטיקע זונען, מיט רויך פון פאַלין,
מיט ראָסטיקע קאַלינעס — בלוט מיט רובין;
מיט געלן בוריאַן און מיט שפינשניר אין זון;
מיט פערד אויף דער פאַשע געפּענט אין טאַבון;
מיט פייגל אין סטאַיעס, וואָס קרייצן די לופט
און רופן אין וויַיט, און אַ וויַיט וואָס זי רופט.
און באַלד — ציִען רעגנס, און זיפּן דורך זיפּ;
דורך בלאָטעס פון ראָד דער צעצוויגענער סקריפּ;
און צוקן פון ווינט; און אַ זון — ווי ניט וואַך,
וואָס שאַרט זיך קוים נידעריק פּאַזע דעם דאַך;
און נעכט מיט אַ פרעסטל מיט אייזיקן טוי
אויף האָרביקע סטרעכעס פון וואָרעמען שטרוי.

דער פלאַקס ליגט ביים אויוון געוואַשן אין בינט,
און וואַרט, ביז אַ האַנט אויפן שפינדל פאַרשפינט;
דאָס קאָרן אין מויל ליגט אַ ווייסער אין מעל;

פֿאַרגעסן אין בייט ליגט אַן אוגערקע געל;
די קו איז געקעלבט, און מיט בלוטפֿלעקן רויט
דאָס פֿעלכל פֿון קעלבל הענגט איבערן פּלויט;
און איבער דעם קאַרשנבוים, הונגעריק, שוואַרץ,
וואָראָנעס נאָר קראַקען און שרעקן דאָס האַרץ.
און דאָרט קריכט אַ פּויער פֿון שענק און ער שעלט
זיין דאַליע, דעם בראָנפֿן, דעם גאָט פֿון דער וועלט;
און שיכּור און טרויעריק טוט ער אַ שמעק
צום וועג, ווו זיין זון איז אין זומער אַוועק,
און שעלט אויך זיין זון: „דו ניטגלויביקער זשיד,
פֿאַרבייטסטו אונדזער דאָרף אויף אַ פֿייף מיט אַ ליד!״

אין פּויערשן שטיבל איז וואַרעם און שטיל,
פֿון אונטערן אויוון ציט ווינטער די גריל;
און פֿאַר די איקאָנעס אויף הילצערנע ווענט,
אַ שטילע לאַמפּאַדע אַ הייליקע ברענט.
און ווי פֿון דער שטילער איקאָנע אַראָפּ —
די פּויערשע מאַמע. זי טוליעט איר קאָפּ
צום פֿראָסט אויף דער שויב, און זיפֿצט אָפּ און זי וואַרט,
און וואַרט אויף איר זון וואָס די שטאָט האָט פֿאַרנאַרט.
און הינטער דעם פֿאָרהאַנגל — וואַלד אויף דער שויב,
בעריאָזקעס ווי ליכט אין אַ נעסט מיט אַ טויב...
די טויב איז פֿאַרפֿלויגן, פֿאַרבליבן די נעסט,
פֿאַרבליבן דער שטעג אַ פֿאַרשנייטער אין פֿרעסט.

דאָס דאָרף ביזן דאַך ליגט פֿאַרשנייט אין אַ פּוך,
און ליגט אויף די אויוונס אין גראָבן קאָזשוך,
און צינדט אין די אָוונטס דאָס פֿייער ניט אָן,
און שלאָפֿט אָפּ די דאָרפֿישע נעכט מיטן האָן,
און שלאָפֿט אָפּ דעם ווינטער אין וואַרעם און פֿויל,
אַזוי ווי דער בער מיט דער לאַפּע אין מויל.

נאַר זונטיק די גלעקער צעקלינגען זיך העל,
דאָס דאָרף ציט צום קלויסטער פון איטלעכן שוועל.
שפּיצט איבערן קלויסטער — פאַר גאָט וואָס איז דאָ —
אַ צלם, און איבער דעם צלם אַ קראָ.
נאָר ווי נאָר אין קלויסטער צום קויטיקן פּאָל
דאָס דאָרף שלאָגט זיין שטערן דריי הייליקע מאָל, —
נעמט לעשן דער בראָנפן דעם העלישן זשאַר
פון דאָרפישן אומעט און פויערשן צער.
און שיכּור פון צער — אַ גאַרמאָשקע פאַרציט,
און רייסט ביז געוויין דאָס ניט גרינגע געמיט;
זי רייסט און זי רייצט און זי וויינט און דערפרייט,
און וויינט ביז דער הייליקער זונטיק פאַרגייט,
ביז שיכּורער אָוונט צעגעגעצט זיך זים,
ביז שיכּור און ווילד פאַלט דאָס דאָרף פון די פיס,
און ביז אַ געשלאָגענע ווייב שלעפּט דעם מאַן
דורך געסלעך אַהיים, אויפן הויכן טאָפּטשאַן;
און ביז פון אַ טויער אַ מיידל פאַרשווינדט, —
אַ טרער אויף איר קישן אַ מיידלשע רינט:
„אוי, פייפערל מיינער, ביסט מיר ניט באַשערט.
צי האָסטו מיין טרער אין דער שטאָט ניט דערהערט?
צי האָסט מיך פאַרביטן ווי דורך אַ גוט-אויג
אויף עפּעס אַ פריצה — אַ שטאָטישע צויג?"

די פערד מיט די נאָזלעכער פירכען אין זשלויב,
און בלאָזן אַרונטער פון יאָרן דעם שטויב.
און וועסנע — דעם קאַרשנבוים צירט און פאַרציט
מיט נייעם מיט זילבערנעם שלייער פון צוויט.

און דאָ, אויף די פעלדער, דאָס דאָרף אין זיין מי,
אין זון ביז צום גאַרטל, אין גרין ביז די קני,
פּאַטשט אויף מיט די הענט אין בייזווונדער און גרויל,
און גאַפט און בלייבט שטיין מיט אַן אָפענעם מויל.

און איבערן שטעג — רופט אַ שטאָטישער פראַנט —
דער פייפער — און גריסט מיט אַ שיכּורער האַנט:
„עי, דאָרף. מאַך אַ װאַרע פאַר מיין שאַראַבאַן! —
צו דיר קומט אַהיים דיין פּאָעט — כוליגאַן!
זיין רום האָט מאָסקװאַ און ניו־יאָרק אַזש דערקענט
און האָט אים געטראָגן אין לויב אויף די הענט...
נאָר אים האָט פאַרשׂרפהט די שטאָט מיט דעם סם,
פון רוישיקן רום דער פאַרצערנדער פלאַם;
נאָר אים האָט פאַרפירט אַ מכשפה אין טאַנץ;
און ער האָט פאַרטרונקען זיין ליד מיט איר קראַנץ,
זיין רום מיט זיין קרוין מיט זיין האָבערנעם סנאָפּ, —
זיין יונגן און זיין כוליגאַנישן קאָפּ!
איז נעם אים צו, היים, װי דיין זון, נעם אים אויף,
און גרייט פאַר זיין האַלדז אים אַ שטריק מיט אַ שלייף!"

דאָס דאָרף האָט געשמייכלט אין בייזן פאַרדאַכט
און באַלד מיט אַ הויכן געלעכטער געלאַכט:
„זע, קוק אים נאָר אָן, װער עס קומט פון דער פרעמד! —
דער פייפער, דער פריץ אין אַ זיידענער העמד"...

אויף אָזיערעס ברייטע, געשפּאַנט אין איר ליכט,
די שקאַפּע — לבנה דורך װאָלקנדלעך קריכט.
און דאָ אויפן קאַרשנבוים, אויף טאַטנס הויף,
דאָס שיכּורע פייפערל הענגט אויף אַ שלייף.
ער שטעקט דער לבנה, פאַרריסן און יונג,
זיין אייביק פאַרשטומטע, זיין גאָלדענע צונג.

אַך, דו שיכּורער יונג, װי דו האָסט אָן אַ האַק
דעם בוים מיט די קאַרשן אַרונטערגעהאַקט!

## דער טרויער

דער ווײַסטער טרויער פֿון דער אַלטער וועלט
האָט אויפֿגעבראָכן אַלע זיבן זיגלען
און ביז דער זון צום טויטן פּנים אויפֿגעשטעלט
דעם קאַלטן גרויל פֿון זײַנע פֿליגלען

מיט אונדזער ערד אין זײַנע אויגן — טויטע שפּיגלען,
און איז אַזאַ אין מיטן וועלט געבליבן שטיין.
אַזוי שטייט אַ מצבֿה אויף אַ ווײַסטן פֿעלד אַליין,
און ראָבן קרייצן אַרום אים מיט שוואַרצע פֿליגלען.

## און דו...

און אַלץ איז געווען — און אַוועק:
די שיכּורע מעסערס מיט העק,
די קאַלכוויוונס, גרוילן און גסיסות,
און שפּלע-הייליקע מיתות.

און וואָס איז פֿאַרבליבן אונדז, וואָס? —
נאָר אַש און גאָטס הייליקער אות,
וואָס מאָנט פֿון דעם אַש מיט אַ פֿינגער...
און דו, אַ פֿאַריתומטער זינגער.

# אין זיבעטן דור

אין דעם זיבעטן דור וועט ער קומען
אַ פאַרפרעמדטער, נאָר ביין פון מיין ביין,
און דער צער פון מיין צייט וועט צעשווומען
צו זיין שטאָלץ ווי דורך נעפּלען דערגיין;

און פון קבר זיין זיידן אַ ווייטן
מיט זיין מוזע — אַ בידנער שרייבון,
אויף אַ שפּראַך ניט פאַר גאָט, ניט פאַר לייטן
וועט ער אויסגראָבן אונטער דער זון;

און אין שאַנד און פאַרשעמט פאַר אונדז ביידן
וועט ער זאָגן מיט שטראָף און פאַרדאַכט:
„איז דער צער ניט דערגאַנגען צום זיידן? —
האָט ער טרייסט ווי אַ צווייטער געבראַכט?"

— ניין, איך בין אויך געוואָרן אַ קרבן
אינעם ווילן פון גאָט אונדזער האַר,
און פון צער איז מיין מוזע געשטאָרבן,
און מיין האַרץ איז געשטאָרבן פון צער.

## יידישער כּתב

טיף אינעם גע‎לן לאַנג איילאַנדער ליים
גראָבט אוים מיר אַ גרוב פֿאַר מיין אייביקער היים.
ליב איז דאָס ליים מיר — פֿאַרטרווילעך און בלינד
האָט עס פֿאַרצוקט דאָס געביין פֿון מיין קינד.

גראָבט טיפֿער די גרוב און פֿאַרשיט מיין געביין,
שטעלט מיר צוקאָפּנס אַ פּשוטן שטיין.
קריצט אויפֿן שטיין אינעם יידישן כּתב
מיין נאָמען — מיך אַרט ניט, ווען דער ערב־רב
אין זיבעטן דור וועט דעם כּתב ניט פֿאַרשטיין,
און ער וועט אַ פֿרעמדער פֿאַרבייגיין מיין שטיין.

# געוויין אויפן מאַמע־לשון

דוד קאַזאַנסקין

די גרויסע ערד איז גאָטס, — אויף אייביק, אייביק זיינע.
און זיינע וואַסערן זיי פליסן אַלע גלייך:
אין דניעפּער דורך די ברייטע טאָלן פון אוקראַינע,
ווי אין די האַרטע ברעגן פון דעם האָדסאָן־טייך.

נאָר ביימער אַז מען פלאַנצט אויף ערד אויף נייער איבער,
ניט שטענדיק בליִען ווידער אויף. זיי שטייען טריב.
די נייע ערד איז זיי ניט בעסער און ניט ליבער,
אויך זענען זיי דער נייער גוטער ערד ניט ליב.

אַזוי ביסטו, מיין כּלה־מויד, מיין יִדיש לשון!
מיט רויטע באַקן פון דעם פּראָסטן קאָרנברויט
ביסטו אַראָפּ פון שיף אין שטרויסן און אין קליאַשן
מיט אַלע גרינע ריחות פון צעבליטן צויט.

האָט דיך דער אַנקל סעם פון אינדזל פון די טרערן
אַוועקגעפירט אין שאַפּ צו זאַמלען דיין נדן
און וואַרטן אויף דיין זיוווג, וואָס ער וועט דיר באַשערן:
אַ לערנער, אַ פּעדלער, אָדער אַן אַפּרייטער־מאַן.

אוי, כּלה־מויד! אוי, לשון מאַמעשער! גאָטס צאָרן
האָט צו דער נאָדל טיף גענייגט דיין שיינעם קאָפּ;
און פאַר די טעג ביסטו אַזוי פאַרוועלקט געוואָרן,
מיט דיין נדן פאַרזעסן ביזן גרויען צאָפּ.

דער לערנער פון די היימישע און אַלטע מיסטן,
ווי נאָר ער האָט אין יחוס פון זיין ווייסן ביין
געחתמעט דעם רעצעפּט דעם ערשטן — קרייטעכץ וויסטן, —
האָט ער דאַ אָפּגעקערט זיך פון דיין פּראָסטן חן.

דער פֿעדלער האָט אין האַווען פֿון זיין האַנדלען־וואַנדלען,
פֿון העסטער סטריט פֿאַרקליבן זיך אַרויף אַפּטאַן,
און הינטער האָב און גוטס פֿון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען
פֿאַרזען די שיינקייט דיינע און אויך דיין נדן.

אוי, כלה־מויד, מיין לשון! — האָניק אויף מיין גומען,
נשמה פֿון מיין שטאַמלדיקן פֿאָלק — גאָטס גנאָד! —
דיך האָט אַפֿילו דער אַפּרייטער ניט גענומען —
דער הויקער — דער אַפּרייטער ביי דער האַרטער ראָד.

אָט זיצט ער מיט זיין הויקער, זיצט און שטעפּט די הויזן,
און שטעפּט און שטעפּט און הוסט אַ בלייכער שווער;
און אויף די באַקן זיינע לעשן זיך די רויזן,
די לעצטע רויטע רויזן פֿון דער דאַרער דער.

אוי, כלה־מויד! אוי, זיסער לשון פֿון מיין מאַמען!
אַז פֿון דיין קוואַרן נאָפּל, פֿון דיין קוואַרער ברוסט,
זוכט דאָרשטיק דער פּאָעט נאָר טראָפּנס מילך פֿון גראַמען,
וואָס קלינגען הייזעריק ווי יענעם דערניקס הוסט!

## מוזע, זינג...

מוזע, זינג פון דעם רום, וואָס מיר האָבן
אין דער שיפלות אין אונדזערער, זינג!
אונדז וועט סיי ווי דער קברן באַגראָבן
אויף געבעטלטער קרקע פון „אַרבייטער־רינג".

נאָר דערפאַר וועט דאָס פאָלק אונדז באַקלאָגן,
ווי אַ מאַמע אַ קינד אין איר קלאָג,
אויף די טרעפ פונעם „פאָרווערטס" אונדז טראָגן
אויף פאַרטרויערטע הענט ביזן שטויביקן ראָג.

און דאָס פאָלק וועט אונדז ביידן באַגלייטן
מיט אַ טרער ביז צום ברוקלינער בריק,
און אין טרויער זיך ווידער פאַרשפּרייטן
אין די היימען אויף עוועניוס גרויע צוריק.

נאָר דאָס פאָלק וועט פאַרגעסן אונדז ביידן —
זיין פאַרלוסט — אונדזער פאָלק אָן אַ ליד,
און וועט וואַנדלען און קינדלען אין פריידן
און וועט וויינען ביים ניגון „דאָס פּינטעלע ייִד".

און נאָך אונדז וועט נאָר בלייבן אַ נאָמען
אויף אַ שטיין אין פאַרגעסענע טעג,
אויף אַ שטיין, וואָס די צייט וועט צעלאָמען,
און צום קבר מיט גראָז אַ פאַרוואַקסענער שטעג.

מוזע, זינג אונדזער רום, וואָס מיר האָבן
אין געפאַלנקייט אונדזערער, זינג!
זאָל דער קברן אונדז ביידן באַגראָבן! —
זאָל די ערד נאָר אונדז ביידן געטריי זיין און גרינג.

## מאַמע ערד...

מאַמע ערד, אונדזער מאַמע פון מאַמעס!
פון דיין ברוסט מיט דער ליבע דער זעלבער
נערסטו קינדער, צדיקים און כאַמעס,
נערסטו רוצחים און הייליקע קעלבער, —
יעדע בריאה, וואָס טרעט דיך מיט פיס...
און דיין מילך איז פאַר אַלעמען זיס.

## רין, ייִדיש בלוט...

רין, ייִדיש בלוט, רין, רין,
פאַרב קינס שווערד,
זעט אָן גאָטס-ערד;
גאָטס-גראָז, גאָטס-גרין,
וועט דיך פאַרדעקן.
און אייביק, אייביק-לאַנג
פון ערד, פון גראָז,
רויט-שוואַרץ פון באָז,
מיט ליד-געזאַנג
וועל איך דיך וועקן...

# מאָרגן...

מאָרגן וועט דער שׂונא פאַלן,
שופרות וועלן פרידן שאַלן
אויף דער ערד דער גאָרער,
אויף דער וועלט דער וואָרער.

נביא, אין מיין האַרן-גאַרן
קום מיט זיסער טרייסט ניט נאַרן,
ווען דאָס האַרץ אין טרערן
קען געטרייסט ניט ווערן.

אַש — דער ווינט וועט אים צעבלאָזן,
בלוט — פאַרדעקן נייע גראָזן,
שטאָל — וועט ראָסט צעפרעסן,
מאָרד — וועט גאָט פאַרגעסן.

שכנים וועלן איבער וועלטן
שטעלן פרידלעכע געצעלטן,
וועלן פאַשן רינדער
און געבוירן קינדער.

איך נאָר — אונטער וועמעס היגל,
אונטער וועמעס גוטן פליגל,
אונטער וועמעס גראָבן
וועל איך פרידן האָבן?

מאָרגן — וועט מיין גוטער שכן
גאַרן נייערן נצחון:
נאָר אַ שטיין צו וואַרפן,
נאָר זיין מעסער שאַרפן.

װעמעס שױבן װעט ער ברעכן?
װעמעס קינדער װעט ער שטעכן?
װעמעס בלוט װעט בעסער
טריפן פֿון זײַן מעסער?

נביא, אין מײַן האַרן־גאַרן
קום מיט זיסע רייד ניט נאַרן,
װען דאָס האַרץ אין טרערן
קען געטרייסט ניט װערן.

## מיט ווייסע זעגלען...

אַ שוואַרצע האַנט איז דורכגעגאַנגען
אַריבער אַלע אָפּגרונטן
און אויסגעלאָשן אַלע ליכט און פאַרבן,
און שווער און בייז אַרויפגעלייגט
אַ שוואַרצן נעפּל אויפן ים
און פון דעם ים צום הימל,
און זייער שוואַכע, לעצטע שיף
פאַרטראָגן איבער אָפּגרונטן,
און זייער לעצטן, שוואַכן רוף
צו מיינע לייכטטורעמס
ניט געבראַכט.

נאָר איך, וואָס טרויער איבער אַלע שטומע,
האָב אויסגעשפּרייט מיין ווייסן פליגל
אַריבער ים און נעפּל,
אַריבער אַלע אָפּגרונטן,
און ברייט און ווייט און טיף
אַ פּאָך געטאָן מיט בלענדנדיקער ווייסקייט:
— איך היט! איך היט!
און זייער שיף איז אויפגעגאַנגען
מיט ווייסע זעגלען.

## דער בערן־פעלץ

אַ רעגנדל האָט קאַלט געטריפט
ביי נאַכט אויף די ניו־יאָרקער שטיינער.
און אַלטער טרויער מיט זיין גיפט
האָט אין מיין האַרץ און דורך די ביינער
געפרעסן ביטער און געצערט
און דורך די גאַסן מיך געטריבן.
און איך האָב מער זיך ניט געווערט.
מיר איז דאָך סיי ווי סיי פאַרבליבן
צו דורכגיין נאָר מיין רעשטל טעג
און דאָרט, מיט צוגעמאַכטע אויגן,
דעם קאָפ ביי יענעם לעצטן ברעג
אין זיסער רו אַנידערלייגן
און רוען מיט דער ערד. און שלאָף
זאָל מיט זיין לייכטן שטראָם פאַרשווענקען
דעם אָנהייב מיינעם און מיין סוף.
און איך זאָל מער שוין ניט געדענקען
מיין אַלטן טרויער, זיך אַליין,
מיין אָפּגעפרעמדטן קינד, די לידער,
וואָס וועלן מיט מיין טויט פאַרגיין,
און דעם געוויין פון מיינע ברידער.
אַ קינד... פאַרגעסט זיין צווייג און שטאַם
דער פולער אויסגערייפטער עפל;
און לידער זענען פלים און פלאַם, —
פון פליגן הייליקע דער פרעפל...
און מיינע ברידער קוילעט אויס
דער שונא, זייער בלוט צו זויגן,
אין מיטן טאָג, וועלט־איין וועלט־אויס,
פאַר גאָט דעם בורא אין די אויגן.
אַך, גאָט, דו אויסטערלישער גאָט,
ניט־מיינער, גאָט פון מיינע זיידעס, —

געקוילעט זיין אויף דיין בּאַראָט,
און דו ביסט זייער קאַלטער עדות!
און רייד פון לעסטערונג און זינד
ווי שטיינער האָט מיין צונג געקליבן
און זיי געוואָרפן בייז און בלינד
אין קאַלטן רעגנדל און טריבן,
וואָס האָט אין איינעם מיט דער נאַכט
פאַרשטעלט דעם גאָט... און איך האָב גערן
געוויינט נאָך טויט. און צוגעמאַכט
אין טויט די אויגן נאָך אין טרערן.



נאָר דאָס איז ניט געווען דער טויט,
נאָר אַזאַ פיבער פון אַ שלאָפן,
אין וועמען נאָך עס צאַנקט דער קנויט
און פלעמלט נאָך אויף דער זייט האָפן...

ווייל מיך האָט פלוצלונג אויפגעוועקט
אַ מענטש; און ווי אַ ברודער מיינער
אַ ליבע האַנט מיר אויסגעשטרעקט
און לאַנג מיין האַנט געגלעט אין זיינער.

— „הער דיכטער", — האָט דער מענטש געזאָגט, —
„זיי שטאַרבן ניט פון וועלט־שמערץ־פיבער,
וואָס דורך דער וועלט אַ יודע טראָגט;
נאָר אייגן שמערץ ווי טראָגט מען איבער! —

אָט שטייט און רעדט אַ מענטש מיט אייך, —
הער יאַקוב, פון דעם לאַנד פון גיהנום;
ער האָט אויך ביז דעם שוואַרצן רייך
פאַר גאָרער וועלט, פאַר דעם און יענעם

געהאַט אַ ברידערלעכע טרער...
נאָר איצטער איז ער דרויב און דריבן,
און לעבן לעבט ער ניט, זינט ער
איז אָן זיין בערן-פּעלץ פאַרבליבן.

אָ, ניין! — פאַרבליבן איז אים דאָך
די עוולה, וואָס ער וואָלט פאַרשוויגן...
נאָר זי — זי לאָזט ניט, קריכט אים נאָך
און לאָזט אין קבר אויך ניט ליגן...

אַך, יאָ... זיין בערן-פּעלץ! — פאַרוואָר, —
אים האָט אַ זיידע נאָך אין פּרייסן
געבראַכט מיט וויפל הונדערט יאָר
פון זיינע רייזעס איבער רייסן...

דעם בערן-פּעלץ האָט לאַנגע יאָר
געטראָגן אויך הער יאַקובס טאַטע;
און שפּעטער — ער, הער יאַקוב, נאָר,
נאָר מיט אַ געלער יודען-לאַטע.

די לאַטע... ווילדע שאַנד און גוואַלד
האָט פאַר דער וועלט פון איר געשלאָגן.
און אויף דער גאַס ווי אין אַ וואַלד
האָט זי הער יאַקוב אומגעטראָגן.

דאָך האָט הער יאַקוב נאָך מיט שטעל
געפירט זיין קרעמל מיט די שמאַטעס,
און האָט מיט פראַנצן, זיין געזעל,
געניית, געלייגט אויף לאַטעס לאַטעס;

געניצעוועט, געצירט, געשליפט,
דעם אַלטוואַרג צוגעפּוצט אַ פּנים,

און האָט פּאַר גראָשנס עס פאַרקויפט
צו שכנים, אָרעמע טייוולאָנים...

נאָר אין דעם שוואַרצן טאָג פון רויב,
די רויבער האָבן אין זיין כּבוד
פון קרעמל זיינער פון דער שויב
פאַרווישט דעם געלן מגן־דוד;

און „אַריער־פראַנץ" מיט ברוינע פאַרב
באַמאָלט. אַזוי איז באַלד אין גאַנצן
הער יאַקובס גאַנצער האָב און סקאַרב
אַוועק צו זיין געזעל — צו פראַנצן.

אַך, פראַנץ, דער שבת גוי, דער שווייַן, —
איז פרעס און ווערג זיך מיט דער סעודה;
זאָל אויך הער יאַקובס גורל זיין
דער גורל פון באַרויבטן יודע!

הער יאַקוב איז דאָך ניט אַליין
ווי שטויב ווי נישטיקער צעריבן...
דאָך... איז אים נאָך ביי זיין געביין
זיין אַלטער בערן־פּעלץ פאַרבליבן.

...נאָר איין מאָל אין אַ בייזן טאָג,
געפירט, ווי פאַר דער האַנט גענומען,
הער יאַקוב איז צו אַלדי קלאָג
נאָענט צו זיין קרעמל צוגעקומען,

נאָר טאָן אַ שמעק, נאָר מיט אַן אויג
זיין אייגן שוועל אַריבערטרעטן...
האָט פראַנץ דער שווייַן, מיט אַ פאַרנויג
אין קרעמל העפלעך אים פאַרבעטן:

— הער יאַקוב... — ביטע שיין... — און באַלד,
שוין ביי דער שוועל, אין מיטן גריסן,
האָט פּראַנץ פון אים מיט בייזער גוואַלד
דעם בערן־פּעלץ אַראָפּגעריסן;

און — „ביטע שיין" — מיט קאַלטן האַס
אים פון דער שוועל אַוועקגעטריבן.
איז איצט הער יאַקוב אויף דער גאַס
אויך אָן זיין בערן־פּעלץ פאַרבליבן...

יאַ... יאַ... הער יאַקוב איז פאַרשטיינט
הויל מיט דער שאַנד, ווי אָפּגעשונדן,
אין גאַס געשטאַנען און — געוויינט...
דאָס האָט ער אַלע זיינע ווונדן

געעפנט ברייט פאַר גאָט... נאָר טויב
און בלינד האָט אים די גאַס צעריבן
אין איינעם מיטן וויסטן שטויב.
און גאָט איז ניט געריירט געבליבן.

גאָט איז געזעסן אויף זיין טראָן
און מיט אַ פרעמדן אויג פון אויבן
געזען, וואָס פראַנץ האָט אָפּגעטאָן,
און מיט אַ ברעם ניט אויפגעהויבן.

די עוולה נאָר, וואָס לעבט און ליידט
פאַר אַלעמען, אין בלוט, פאַרשפּאָטן,
האָט אים געמונטערט ביי זיין זייט
מיט טרייסט, און איז ניט אָפּגעטראָטן:

— לעב, לעב, הער יאַקוב, לעב און טראָג
דיין פּיין, זי לייגן אויף גאָטס שאָלן

אין טאָג פון דין, אין טאָג
פון שטראָף, פון רעכענונג און צאָלן...

יאַ — לעב... הער יאַקוב האָט געדאַרפט
זיך אויסציִען אין גאַס און שטאַרבן!
...נאָר דאָ האָט ער דערפילט פאַרשאַרפט
אַ זיסן ריח און אַ האַרבן, —

דעם ריח פון זיין פעלץ — זיין שוויים,
דעם שוויים פון טאַטן און פון זיידן,
פון אייגן לייב... און ליב און היים,
ווי לייב, וואָס וויל זיך ניט צעשיידן

מיט לייב — דער בערן-פעלץ אַליין
איז פאַר די אויגן אים געקומען,
און זיינע גלידער, זיין געביין
אים מיט זיין שאַנד אַרומגענומען

און נאָנט ווי לייב געוואַרעמט גוט...
דאָס האָט הער יאַקובן געגעבן
נאָך האַפט און קראַפט, אַפילו מוט
אַ סך נאָך פיינען דורכצולעבן,

אַפילו פיינען פון דעם טויט...
יאַ, יאַ... נאָר אַך, אויף קורצן דויער...
ווייל ווען דער תּליון האָט גענויט
אים דורכגיין יענעם שוואַרצן טויער

צו יודען-אויוון — צו פאַרגיין
אין סם און פלאַם, — האָט ער פאַרביסן,
ווי פראַנץ דער שוויין, מיט זיינע ציין,
זיין בערן-פעלץ אַראָפּגעריסן

און מיט דער שאַנד געלאָזן הויל,
אין גרויל פון סם און פלאַם פאַרצערן,
און ברענען ביז אין שוואַרצן קויל,
נאָר קאַלטער אַש אַ ביסל ווערן,

און איבער אַלע עקן וועלט
מיט וויסטע ווינטן זיך צעטראָגן
צו יעדן ייִדישן געצעלט,
וווּ ס׳טוט אַ ייִדיש האַרץ נאָך שלאָגן

מיט צער, מיט פּיין און דולער שרעק
פאַר גאָט אין טרערן אויסצורינען, —
אין יענעם האַרצן אויפן דעק
די רו פון קבר צו געפינען.

...יאַ... יאַ... נאָר יענע קבר־רו,
וווּ אַלע אויוון־ייִדן ליגן,
וווּ איבער זייער אַש זינגט צו
דער טויט אַ שטיל אל־מלא ניגון —

אַך, יענע רו — ער האָט זי ניט,
הער יאַקוב, און ער וועט ניט האָבן!
ווייל ס׳האָט די עוולה, וואָס זי היט,
אים פון זיין קבר אויסגעגראָבן

און אויפגעוועקט: — שטיי אויף, שטיי אויף! —
גאָט האָט זיין זון נאָך ניט פאַרלאָשן, —
נעם אין אַ גוף דיין אַש צונויף,
און איך וועל זיין דיין מענה־לשון;

און גיי אַרויס און מאָן! — און טראָג
דיין שאַנד דיין הוילע אויף גאָטס שאָלן

אין טאָג פון דין, אין גרויסן טאָג
פון שטראָף, פון רעכענונג און צאָלן.

יאַ, יאַ... הער דיכטער... ס'שטייט פאַר אייך
אַ מענטש, און יאַקוב איז זיין נאָמען,
גאָטס אָפּפאַל פונעם שוואַרצן רייך:
פון כּף־הקלע, פון שוואַרצע תּהומען,
פאַרסמט, פאַראַשט פון גיהנום־בראַנד,
מיט עוולות קומט פון אַלע עקן,
הויל, אָן זיין יחוס־פּעלץ, זיין שאַנד,
זיין שאַנד זיין הוילע צוצודעקן...
אָט איז זי... הויל... הער דיכטער... אָט...
הער יאַקוב טראָגט זי אויף גאָטס שאָלן, —
אַ הוילע ייִדן־שאַנד... און גאָט
וועט שטראָפן, רעכענען און צאָלן...
יאַ... צאָלן... יאַ... וויים גאָט דעם פּרייז
פון אַזאַ בערן־פּעלץ אַן אַלטן?"

...און ס'האָט זיין טרער, ווי קאַלטער אייז,
ווי פון אַ בעכער אַ פאַרגאַלטן
געבריט מיין האַנט. דאָס האָט ער שווער
געוויינט... און איך האָב, ווי אַ חבר
און ווי אַ ברודער, פון זיין טרער
דעם גרינעם גאַל, דעם טערפּקן זשאַווער
געשעפּט אין זיך. און אָנגעשעפּט
מיט אומגליק ביזן ראַנד, אַ פולער,
האָב איך פון זיך אַ וואָרט געשלעפּט
פון טרייסט. נאָר אַ געוויין אַ דולער,
אַ יאָמער האָט זיך מיט אַ מאָל
פון האַרצן אין דער נאַכט צעטראָגן,
ווי ס'וואָלטן ביטער מיט מיין קול
פון אַלע וועלטן ייִדן קלאָגן.

# טרערן

איציק מאַנגערן — צו זיינע פופציק יאָר — מיט ליבשאַפט און פאַרערן

דער טאָג איז געקומען מיט טרערן.
איך האָב ניט געהיט מיינע רייד, —
און האָב אַזוי אומגערן־גערן
אַ שפּאַס געטאָן לייכט פון איר קלייד.

איך האָב נאָך דעם טיי, ווי מיין שטייגער,
פאַררויכערט, געצויגן דעם רויך,
און רויִק געקוקט אויפן זייגער,
ביז זי וועט זיך אָנטאָן; און אויך

געטראַכט פון דעם שיינעם פרימאָרגן;
פון גיין ביי דעם ים אויף שפּאַציר; —
און האָב שוין געצערטלט פאַרבאָרגן
די פרייד צו שפּאַצירן מיט איר...

און־אָט, זי איז דאָ... האָט דער שוטה
אַ צי מיך געטאָן פאַר דער צונג:
„דיין קלייד... מיט די הירשן די רויטע,
וואָס לויפן פון היגלען אין שפּרונג

מיט זייערע הערנער די גרינע...
אַז אָט — און זיי שטעכן ביז פּיין
די הערנער, פאַרצווייגטע און דינע,
אין האַרץ פון פאַרליבטן אַריין"...

איך האָב נאָך געפּרוּווט עפּעס זאָגן
פון איינער — אַ שטראַל פון דער זון:
ווו נעמט זי די גבורה צו טראָגן
די הירשן דעם גאַנצן טאָג?... —

נאָר איך בין אַנטשוויגן געוואָרן,
איך האָב זיך אויף דעם ניט געריכט;
זי האָט פון דעם שפּאָס זיך פאַרלוירן,
אַ צער האָט פאַרקרימט איר געזיכט.

...אָט וועלן שוין קומען די טרערן...
און טרערן — זיי טוען אַ פּראַל
אין טראָפּעלעך זילבער, אין קווערן,
גלייך ווי פון אַן אָפענעם קוואַל.

האָב איך דאָך פון לאַנגן דערפאַרן
געוווּסט, אַז ס׳איז איצט שוין צו שפּעט:
אַז איך וועל שוין איצט ניט פאַרשפּאַרן
די טרערן מיט שלאָגן על-חטא...

„איז ווייַן... ס׳גיט דיר צו אַלע חנען,
די פּיין פון דער וועלט איז דאָך גרויס;
און ס׳איז דאָ פאַראַן וואָס צו וויינען...״
און איך בין אין דרויסן אַרויס.



איך ווייס ניט די טבע פון זאַכן.
איך שטיי פאַר דער וועלט און איך גאַף.
דאָך קען איך מיין צונג ניט פאַרמאַכן,
וואָס וואַרפט זיך מיט ווערטער אויף טראַף.

ווי האָב, ווי ניט זיינע, דער נאמן,
צו אָנרופן זאַכן אויף ס׳ניי,
די זאַכן, וואָס האָבן שוין נעמען
און טראָגן די נעמען געטריי.

און ניט נאָר די נעמען פון זאַכן, —
מיין צונג, וואָס איז לויז פון איר שלאָס,
איז גרייט גאָר זיי איבערצומאַכן
מיט ווערטער... ווייס גאָט צוליב וואָס...

אָט שאַרט זיך די זון איבער דעכער.
איר לויטערער נאָמען איז „זון".
נאָר איך קען זי רופן: „גאָטס בעכער
מיט ביטערן ליכט ווי פּאָלון".

אַ פּשוטע זאַך אויסצושעפּן —
ווער קען גאָר — איר פאַרב און איר תּוך:
אַ נאָמען אויף דעם אָנצוקלעפּן,
וואָס שלעפּט ווי די לאַנגווייל זיך נאָך?

זאָל זיין: אירע הירשן דאָרט זאָלן
זיין בלוי, און געטריי איז געוועזן
די האַנט, וואָס זי האָט זיי געמאָלן
אין פאַרב, ווי זי האָט זיי געזען.

איז ווייס: יעדער האָט זיינע אויגן
צו זען ווי ער זעט: זעט ער קרום.
זעט איינער אין נעכט רעגנבויגן.
פאַרוואָר, און די וועלט קומט ניט אום.

דו ווייס נאָר: די וועלט מיט די זאַכן
פון גאָט און פון אונדזערע הענט,
איז הייליק פאַר מיר, ווי געמאַכן,
ווי פייער גאָטס אייביקער ברענט.

נאָר מיינען, אַז איך קרים דאָס איבער
אויף חוזק און שפּאָט, וואָס איך זע,

און וויינען... — גאָט, גאָט מיינער ליבער, —
איז בעסער צו זיין אַ כּבד־פּה

און נאָכשטאַמלען אַל דיינע וווּנדער
ווי אַלע — איז בעסער מאַך שטום
מיין צונג! — און איך קום אויף ציהונדער
פאַר אַלץ וואָס מיך רינגלט אַרום;

און ענטפערן וועל איך ווי אַלע
פון האַרצן, בזה־ובבאַ,
אויף שטום־לשון: „איך בין ממלא
ווי אַלע, — ווייל אַלץ איז דאָך ,יאָ'".



צו לעבן מיט „יאָ" איז דאָך גרינגער! —
אַ לויב צו דעם אַלעמענס „יאָ"! —
דו וועסט ניט פאַרשאַרפן די פינגער
ביים פייער, וואָס איז גאָר ניטאָ.

און איינער וועט זוכן דעם פייער, —
דעם העלישן פייער פון „ניין",
אין פלאַם און אין רויך אַ געטרייער
מיט „ניין" אויף די ליפּן פאַרגיין.

און דו — מיט איין פוס ביי דער גרענעץ
פון „ניין" — מיט דער צווייטער ביים „יאָ", —
און שטייסט דאָ פאַרקרימט ווי אַ גענעץ
אַנטקעגן דער זוניקער שעה...



איך שטיי אויפן הילצערנעם טרעפּל.
די טיר הינטער מיר איז פאַרמאַכט.

דער בוים פאַר דער שוועל איז אין עפּל, —
באַלאָדן מיט פרייד פון זיין טראַכט.

די עפּל — פון צווייט ערשט, נאָך ברעקלעך,
געוויקלט, פאַרשלאָפן און זאַט:
איין זייט — צו דער זון מיט די בעקלעך,
די צווייטע — אין שאָטן פון בלאַט.

און הינטער דער טיר — אַזאַ ווייטיק
פאַר איר... און איך שטראָף נאָך און מאָן...
אַ האַנט מיט אַ בייטש איז דאָ נייטיק
פאַר ביידן... איז וואָס זאָל איך טאָן? —

איך קען דאָך ניט נעמען אַ שמייכל
און טאָן עס אויף זיך אַ פּאַרצי,
און קומען און בעטן: „זיי מוחל",
און פאַלן פאַר איר אויף די קני,

ווען איינע לאָזט וווילגיין די טרערן
צוליב דאָרט אַ שפּאַס פון אַ קלייד;
און גרייט אַזש מיט טרערן פאַרווערן
אַ צווייטן אַ שפּיל טאָן מיט רייד, —

אַ זאַך אין דער שפּיל צו דערפילן,
וואָס איז אפשר מער ווי אַ שפּיל;
וואָס איז אפשר גאָר אַ פאַרהילן,
אָן אומרו אַזאַ, וואָס איך פיל:

פון הערן דעם רוף פון אַ לאָטער,
וואָס איז צו מיין בלוט אַזוי זיס,
ווען איך דריי זיך אום ווי דער קאָטער
אַ זאַטער איר אונטער די פיס...



איך שטיי דאָ — אַ ווייסטער מיגעגע,
אַרונטערגעלאָזן די נאָז...
נאָר אָט פאַלט אַראָפּ ווי אַ רגע
אַ פּיצעלע שפּערל אין גראָז.

ער פאַלט מיט אַ פריידיקן צוויטער.
זיין פרייד — איך פאַרנעם און פאַרשטיי:
אָט פּיקט ער אַ קערנדל פיטער
פון גראָז אויף אַ שפּאַן ווי איך שטיי.

איך ריר זיך ניט. איך בין ביים שפּערל
אַ בוים, צי דער קוימען פון דאַך,
אַ שאָטן, אַ זילבערנע הערל
פון שפּינוועבס — אַ פריינטלעכע זאַך.

אָ, גאָט, ווען דו זאָלסט מיר באַשערן
אויף אייביק צו שטיין ווי איך שטיי:
ניט שרעקן, ניט וועקן קיין טרערן, —
וואָס אָט קען איך שטאַרבן פון זיי!



איך זע, ווי די זון איז פאַרקראָכן
צו דרום — אַ שטיק פון דער וועלט.
נאָר אָט האָט אַ דאַך פון אַ שכן
זי בלינד מיט זיין רוקן פאַרשטעלט.

און איך בין אין שאָטן פאַרצוויגן
געשטאַנען, געקוקט צו דעם דאַך:
צו כאַפּן די זון מיט די אויגן.
נאָר דאָ האָבן לויטער און וואַך

דריי פענצטער מיט טראָציקע שויבן
פון שכן געשטאַרט מיט פאַרדאַכט
אויף מיר און דעם טרעפּל פון אויבן, —
און גלייך מיר אין פּנים געלאַכט.

זיי ווייסן נאָר: גלאָצן און שנאַפּן
אויף יענעם, זיין קער און זיין ריר
און עפּעס אַ סוד צו דערטאַפּן
ביי יענעם פון הינטער דער טיר...

„לאַכט, שלוויִקע פענצטער! — דער שכן
ניט איין מאָל אַ טאָג האָט אייך בלינד
פאַרצויגן אין מיטן דער וואָכן...
גאָט ווייס, וועלכע טונקעלע זינד

איר העלפט אים באַגיין הינטער אויגן
פון שכנים"... — און איך האָב אַ שפּיי, —
אַ לאַנגן פאַרצויגענעם בויגן —
געוואָרפן אויף זיי אַלע דריי.



מיין גאַס איז אַ שטילע, אַ ריינע,
גרינגאָלדיק באַשאָטנט־באַזונט.
דאָ הערט מען נאָר טריט פון אַ שכנה,
וואָס פירט אויף אַ קייטל איר הונט.

און אָפט, ווי אַ גרילצלען פון שרויפן
פון פרידלעכן גערטנערס געצייג:
פון גראָז־שניידער איבער די הויפן,
פון שער אין אַ טרוקענער צווייג.

נאָר אַט האָט מיין אויער פאַרנומען
אַ זשומען: אין גאָלד און אין גרין
האָט איבער די זוניקע בלומען
געלויערט אַ פלייסיקע בין.

זי איז איבער בלומען געקראָכן,
געזוכט און געשמעקט — און האָט בייז
איר רויבערשן פיסקל פאַרשטאָכן
אין אָפענעם האַרץ פון אַ רויז.

אָ, גאָט דו באַשיידער! דיין סדר
פון פירן דיין וועלט — ווער פאַרשטייט? —
דיין יעדע באַשאַף איז כסדר
אַ צווייטע אין גאַרעניש גרייט

צו ווי טאָן, באַרויבן, פאַרצערן:
די טוט עס מיט נעגל און ציין,
און יענע — זי טוט עס מיט טרערן...
און איינער, געשלאָגן, דאַרף שטיין

פאַרשעמט ביי זיין טיר מיטן רוקן,
וואָס ער האָט אַליין זי פאַרמאַכט,
און גלאָצן מיט אויגן און קוקן
אויף בינען אַ טאָג מיט אַ נאַכט...

אַז גייט עס און כאַפּט עס דער קאַדיק! —
די וועלט הייבט זיך אָן ניט פון מיר,
וואָס איך זאָל דאָס זיין יענער צדיק. —
און איך בין אַוועק פון דער טיר,

אַרויף מיטן שטעגל צום טויער;
און בין מיט מיין גאַס צו דעם ים

געקראָכן אַ פולער מיט טרויער,
ביז ווייטיק אַ פולער מיט סם...



מיין גאַס האָט צום ים זיך פאַרבויגן.
און דאָ האָט דער דרייצנטער ראָג
אַזוי ווי מיט הענט פאַר די אויגן
אין גאַנצן צעעפנט דעם טאָג, —

אַ ברייטן צעפעכערטן פעכער, —
מיט הימלען, מיט זון און מיט ווייט,
און ביידלעך מיט פאַרביקע דעכער,
וואָס שפרייטן פון זאַמד זיך פאַרשייט

דעם ים מיט די פאַליעס פאַרשטעלן...
איז טו אויף די ביידלעך אַ בלאָז.
איך שפאַן מיט די זאַמדיקע שוועלן,
און דאָ איז דער ים פאַר דיין נאָז.



ים, גוטער... ער וועט ניט אַנטלויפן.
אָט שאַרט ער זיך צו דיינע פיס:
נאָר נעם אים אַריין אין אַ הויפן,
און טראָג אים און היט, ניט פאַרגיס

קיין טראָפן; און ברענג אים אַ פולן
צו איר, וווּ זי וווינט דאָרט... און זאָג:
„איך האָב מיט אַ וואָרט מיט אַ דולן
פאַרשוועכט אַזאַ טייערן טאָג;

און פאַר דיינע טרערן — זיי מוחל...
אָט ברענג איך אין האַנט דיר דערפאַר

דעם ים״... וועט זי דאָך מיט איר שמייכל
באַדאַנקען: „דו נאַר מײַנער, נאַר...

ווען דו זאָלסט די צונג דיינע צאַמען, —
וואָלט וויל מיר און טייערער זיין,
ווי אַלע די זיבן די ימען,
וואָס דו ברענגסט אין האַנט מיר אַריין״...

און — טרערן... אַ ווייטיק־אַן־אומעט
איז דורך דורך מיין האַרץ ווי אַ שפּיז:
מיין גינציקע מי איז צעלומעט...
איז לאָז איך דעם ים ווו ער איז.



זע, ים, ווי איך שטיי דאָ פאַרלאָזן,
אין פיין ביז דער זיבעטער ריפּ...
אַ ווינטל מיט זון האָט געבלאָזן
לייכט, לייכט פון זיין וואַרעמער ליפּ

און לייכט מיינע האָר מיר געקרייזלט:
און קוים, קוים געהורבעט אַ קאַם,
און קוים, קוים געריזלט־געגרייזלט
דאָס רויִקע פּנים פון ים.

ביים ברעג אין זיין רחבות צעגאָסן,
דער ים האָט געבלעזלט זיין שוים,
און ווייט זיך מיט הימלען פאַרשלאָסן
ביים בלוילעכן קיילעך פון רוים.

און קוים וואָס דאָס אויג קען נאָר גרייכן,
אַ זעגל אַן איינציקער שניידט:

אַ האַלבער אין הימלישע הייכן,
אַ האַלבער אין ימיקער ווייט.



מיין זעגל — אויף דיר איז פאַרצויגן
מיין קרוין מיט מיין דגל — טאָ פיר,
וווהין נאָר מיך טראָגן די אויגן, —
וואָס ווייטער פון טרערן, אַפיר, —

צו ווייטע פאַרגעסענע ברעגן,
ווו איך בין פון ערשטן געצעלט
אַרויס מיט אַ מעסער אַנטקעגן
דער זון און אַנטקעגן דער וועלט...

ניין... ראָסט האָט צעפרעסן דעם מעסער,
דער ראָסט פון באַרויִקטע טעג
ביים ווייבערשן קלייד... טראָג שוין בעסער
צום קוים נאָך געחלומטן ברעג, —

צום „אינדזל פון שיינע און שטילע",
וואָס מיר איז באַשערט נאָר געווען
אויף וואָלקנס, אין קינדערשער תּפילה
אין זויבערן פלאַפל צו זען...

ניין... וואַסערן טיפע פון יאָרן,
זיי האָבן דעם אינדזל פאַרשווענקט
אין זומפּ פון פאַרבלייכטן זכרון.
מיין זעגל — מיין האַרץ נאָך געדענקט

אַ האָפן פון פריד און מנוחה...
נאָר אָט... — און ער טוט מיך אַ טראָג

אַהין, אין דער שניי־זאַווערוכע,
צום מזל־באַצייכנטן ראָג,

ווו זי איז אַרונטער געפאַלן —
אַ טויב פונעם שנייִיקן קאַנט —
אין שנייִיקע שלייערס־וואַלן,
אַ וואַרעמע טויב אין מיין האַנט.



אַט שטייט זי: פאַרשנייט ביז די זוילן.
די אויגן — צעשראָקן־פאַרשעמט,
און בר׳ענען פון שניי ווי צוויי קוילן;
איר אָטעם — צעעפנט־צענעמט

די ליפּן פאַרהויכטע, וואָס בריִען
מיט ריחות פון מיאַטע און שניי,
און פון אירע הענטשעקלעך גליִען
די שמאָלינקע הענטלעך די צוויי, —

פאַרקלעמט אין מיין האַנט אין מיין האַרטער —
דורך אײידעלן מיידלשן וואָל
מיט מיידלשער וואַרעמקייט צאַרטער.
און איך — אַ פאַרשטייפטער ווי שטאָל, —

איך וויל מיט די ליפּן געפינען
די ווערטער, וואָס קומען מיט פרייד:
מיין מזל מיט רייד צו באַזינען, —
באַזינען זיין וועג און באַשייד.

און האָב נאָר געפונען צוויי ווערטער:
„מיין כלה״... און זי זאָגט מיר נאָך:

„מיין חתן... מיין מאַן מיין באַשערטער"...
און דאָ — אינעם שנייִקן פּראַך,

אין ווינטיקן שויבערן־קערן,
אין וואַרעמע דינע צוויי ריי,
איר רינען פון פּנים די טרערן,
און פאַלן און פאַלן אין שניי.

דאָס זיינען געווען יענע טרערן
וואָס פאַלן אַליין מיט געזאַנג,
ווי רייפע גינגאָלדענע קערן
פון איבערגעצייטיקטן זאַנג.



דער שניי האָט די טרערן פאַרשאָטן
מיט שנייען פון ווינטערס אַ סך.
נאָר איצט נאָך, ווען טונקל, אַ שאָטן
שטייט בייז צווישן אונדז אויף דער וואַך;

און אויך ווען מיין זעגל צעבלאָזן
וואַרפט בייז דער צעווינטיקטער ים
אין האַפן צעוויגט און פאַרלאָזן, —
נאָך ברענט מיינע ליפּן דער טעם

פון מיאַטע און שניי און פון טרערן
איר זאַלץ, און איר ברי אין מיין לייב,
ווי דעמאָלט, פון טראָט ביז מיין שטערן,
ווען איך האָב מיין כלה — מיין ווייב

געפירט דורך פאַרשאָטענע שטעגן
צו אונדזער פאַרהוילענעם וועג

דער שניי־זאַווערוכע אַנטקעגן,
אַנטקעגן געשטרויכלטע טעג.



אוי, הירשן, גאַטס ליכטיקע אינדן, —
גרינגפיסיקע אינדן אין שפּרונג! —
אַ זאַך מיטן וואָרט צו פֿאַרבינדן
אין שפּיל, האָט געצויגן מיין צונג,

אין רויטן אייך איבערצומאָלן...
נאָר אייך האָט אַ צווייטער פֿאַרנאַרט
פֿון אייערע פֿרידלעכע טאָלן
אין זייד פֿון איר קלייד, און פֿאַרשפּאַרט

אין פּאַרב אונטער זיבעצן ריגלען
אויף אייביק צום זעלביקן אָרט...
האָב איך אייער לויף פֿון די היגלען
געשפּאַנט מיטן שפּיל פֿונעם וואָרט.

אָט ווינטיקט דער ים מיט זיין נעפּל, —
די זון באַלד פֿאַרענדיקט איר טאָג, —
איז לויפּט צו דער שטוב מיטן טרעפּל
אַרויף מיטן דרייצנטן ראָג.

דאָרט וויינט זי: איר פּנים אין קישן,
און איבער איר קאָפּ איז ניטאָ
קיין האַנט אירע טרערן פֿאַרווישן...
און דאָ — אַ פֿאַרלאָזענער, דאָ,

ביים האַפֿן — איך זע, ווי מיין זעגל
דער ים מיט די ווינטן פֿאַרטרינקט

צום גרונט מיט מיין קרוין און מיין דגל, —
איך זע, ווי מיין זעגל פאַרזינקט.



אַז וויינען... ווי זי דאָרט אין קישן, —
אַז וויינען פון טיפן געביין:
די טרערן מיט אירע פאַרמישן —
צעמישן... נאָר גאָט קען פאַרשטיין

די גבורה און עלנט פון טרערן,
וואָס ברעכן פון אונטערן שלאָס
פון בראָכשטול, פון טאָג פון געבוירן
צום טאָג פונעם טויט... אָן אַ מאָס

האָט ער — אונדזער בורא פון לעבן —
אונדז, קינדער, וואָס ער האָט געוויילט,
די קוואַלן פון טרערן געגעבן, —
און קיינעם פון אונדז ניט פאַרטיילט:

„גייט, גייט אויף מיין ערד, מיינע קינדער,
און וויינט אויף איר מאַמעשן שוים:
פאַר קינדער, פאַר רינדער און זינדער
דאָס האַרץ מיט די טרערן קויפט אוים"...

וויינט איינער — זיין ברויט איז אים ביטער;
און דער — צוליב וויינען; און דער —
אים זענען די פערל צו שיטער
און דער — ווייל זיין גליק איז אים שווער...

איך האָב דאָך געזען מיט די אויגן
אַ פרוי אין אַ פענצטער אין שטרוים.

זי זיצט אויפן שטידל געבויגן
און קוקט אַ פאַרווייַנטע אַרויס.

זי וויינט מיט באַטריבענע טרערן: —
זי איז אויף דער וועלט נע־ונד, —
אַז גאָט זאָל די טרערן דערהערן...
זי וויינט... און זי קיים שאָקאָלאַד...



אַז וויינען — באַוויינען־באַקלאָגן
דעם מזל פון טרערן! קענסט שיין
דיין טייערסטן רויִק דערשלאָגן
מיט אַלע די טרערן... נאָר ווײַן

און קויף עפּעס אוים דאָרט, ווי יענע
אין שטרוים — אַ געשיקטער פּאַיאַץ,
וואָס וויינט אויף דער ברייטער אַרענע
זיין צער אין אַ גאָלדענעם טאַץ...



...דו בעסער דערפיל מיט די ביינער
דעם ווינט פונעם ים, ווי ער צוקט;
און זע, ווי דער מולד אַ קליינער
מיט הערנער אין נעפּל פאַררוקט

די זון. און די זון — אַזאַ גרויסע, —
זי קייקלט איר קופּערנע ראָד
צום מערב, אַ פולע אַ הייסע,
צו לעשן איר זוד און איר זאָד

פון טאָג; און צו לעשן די טרערן
פון אַלעמענס אויגן... און זע:

דאָרט לייכט שוין ביים ראַג דער לאַמטערן, —
דער שטילער ביינאַכטיקער סנה...



או — האַ! — אין צעווינטיקטע קאַמען
דער ים אין צעפּלעסקעטן לויף
רייסט ווילד זיינע אייגענע צאַמען,
צו שפּרינגען צום מולד אַרויף.

נאָר ער וועט צום מולד ניט שפּרינגען.
ער רייסט נאָר זיין ברעג צו דער פלאַך
די קלאַפּטערס מיט זאַמד צו פאַרשלינגען;
און אונטער דעם מערבשן דאַך

זיין קאָפּ איז אין רו נאָך באַלויכטן;
און קוים אין זיין באָרד אים פאַרקריכט
אַ שטרייפּעלע זון אין פאַרטויכטן,
אין לעצטן בלוט-גאָלדענעם ליכט.



עך, ים! דו פאַרדריי זיך דיין קאָלטן!
מיט טרערן און פּיין איז מיין טאָג —
אַ טאָג אַזאַ שיינער פאַרשאָלטן...
און דאָרט מיטן דרייצנטן ראָג

פאַרדרייט זיך מיין גאַס... וואָלט איך גערן
צו איר אין דער האַנט דיך געבראַכט, —
איז דאַרף זי ניט ימען... מיט שטערן
אין שאָטנס ווערט קילער די נאַכט.

איז לאָז איך דיך איבער... געקומען
מיט גאָרנישט — מיט גאָרנישט אַוועק...

מיר ברענט נאָך דיין זאַלץ אויף מיין גומען, —
און אין מיינע גלידער אַ שרעק:

מיך זאָל ביז מיין שוועל נאָר דערטראָגן
אַ היים צו מיין קישן מיין טראָט...
הער... איבער מיין גאַס האָט געשלאָגן
אַ ווייטער דער זייגער פון שטאָט.

איך צייל... און פאַרפּלאָנטער אין ציילן.
ס'אַלץ איינס... אויך אַלץ איינס איז דעם גלאָק
די פּוסטקייט אויף שעהען צו טיילן:
די באָבע — די צייט — ביי איר זאָק

זאָל שטריקן, קיין טעות ניט מאַכן
ביים ציילן די אייגלעך אין צאָל,
און זאָל נאָר אַן אויג ניט פאַרמאַכן,
און איינלאָזן ס'קניילכל מיט וואָל...

אָ, צייט, לאָז דיין שטריקן שוין איבער, —
דיין וויסטיקן קניילכל לאָז איין! —
די וועלט, מיט מיין גאַס מיט די שטיבער
קען וויסטער און פּוסטער ניט זיין!



הער... קלעפּלעך פון פרויענשע קנאַפּל...
זיי קלאַפּלען און קלאַפּלען גיך, גיך,
ווי שרויט איבער גלאַטיקע טאַפּל,
און קומען אויף מיר, ווו איך קריך...

האָב איך דאָ דערפילט ווי אַ שלענגל
אַ קאַלטס ביי מיין האַרץ: כ'האָב דעראַנט:

די קנאַפּל, דאָס אויסטערליש געננל
איז מיר אַזוי נאָנט און באַקאַנט...

...דאָ האָבן צוויי פייערן געלע
אין אויג מיר געטאָן אַזאַ זעץ
מיט בלענדיקער שאַרפקייט, און העלע
פאַרוויקלט מיך ווי אין אַ נעץ

פון פאָספאָר, פון רויך און פון גומע,
און מיך אַ פאַרשעמטן ביז טויט —
פאַרבלענדט אין דער בלינדער מהומה,
פאַרשאַרט צו אַ שכנישן פּלויט.

נאָר דאָס האָט אַ רגע געדויערט:
איך בין מיט אַ פינצטערן שטראָם
געשווומען, געהויקערט-געהויערט,
געשווענקט און פאַרשווענקט אין אַ תהום.

אויך דאָס האָט אַ רגע געדויערט:
איך האָב פון דעם תהום אין געפאַר
אַזוי ווי אַן עקבער צעבויערט
זיין ענגשאַפט, צעבויערט אַ שפאַר

אַרויף צו דער וועלט: צו פאַרכאַפּן
מיין גאַס, דעם לאַמטערן, וואָס וואַכט
אין טרויער פאַרקלערט, און דאָס קלאַפּן
פון פרויענשע קנאַפּל ביי נאַכט.

נאָר איידער איך האָב נאָך באַנומען,
אַז איך בין פון תהום שוין אַרויס,
האָב איך נאָך דעם מולד אַ קרומען —
זיין האָרן — אַ נאָגל די גרויס —

געכאַפּט מיט מײַן אויג ווי מײַן אַנקער,
און איך בין געגעזן געוועזן...
מײַן קאָפּ נאָר, ווי שיכּור, אַ קראַנקער,
האָט אין אַ צעפּיבערטן ברען

געוויגט זיך אין ים אויף מײַן זעגל
דורך טרערן — געוויגט מיט דער וועל
צום טרעפּל אַרויף מיטן שטעגל,
אַרויף צו מײַן וואַרעמער שוועל.

אין פרייד פון די ריחות פון מיאַטע
און שניי, און דעם מיידלשן ברי
פון הענט, ווי אין חלום געהאַטע,
אויף וואַרעמע אַקסלען און קני.

די פרייד האָט געצויגן זיך יאָרן,
און אפשר נאָר רגעס אַ שאָק.
די צייט האָט אַן אייגל פאַרלאָרן
און אויפגעהערט שטריקן איר זאָק.

ווען איך האָב די אויגן פאַרטרויטע
געעפנט, איז מיד פון דער פרייד
מײַן קאָפּ אויף די הירשן די רויטע
געלעגן אין זייד פון איר קלייד.

## באַלאַדע פון צוויי

זיי האָבן פאַרלאָזן דעם רויש און דאָס הויז,
ווייל ער האָט געלאַכט צו דער פרוי מיט דער רויז,

פאַרשטעקט אין די האָר — און וואָס זי האָט זי פיינט,
און זיי האָבן ביידע פאַרלאָזן די פריינט.

און ווי נאָר זיי זיינען אַריבער די שוועל,
די גרוי פון איר אויג האָט פאַרגאָסן אַ געל —

אַ ראָסטיקער מעסער פון אונטער איר הוט,
וואָס האָט מיט זיין ראָסט אים פאַרשטאָכן ביז בלוט.

און איבער די טרעפּ האָט אַ שווייגן באַגלייט
צוויי פרעמדע, וואָס זיי האָט אַ שׂנאה צעשיידט.

און אונטן אין גאַס איז געלעגן פאַר זיי
אַ שנייִיקע נאַכט און אַ טעפּעך פון שניי

און ווייסע לאַמטערנעס. און זיי זענען גיך
אַוועק מיטן שניי, און געלאָזט הינטער זיך

צוויי רייען פון טריט און צעשיידט אויף אַ שפּאַן:
די טריט פון אַ פרוי און די טריט פון אַ מאַן.

## אָ, פריינט...

דער ים אין מיינע פענצטער שמייכלט מיט זיין שפּיגל,
די זון מיט הויפנס גאָלד אין מיינע שויבן שיינט.
מיין שטוב — פון יעדן ברעטל און פון יעדן ציגל
מיט ליבשאַפט און מיט גוטסקייט שמייכלט מיר אַ פריינט.

אָ, פריינט, צעשפּרייטע איבער ימען, איבער תהומען,
וואָס איר האָט מיין געשטאַלט געצערטלט אין געדאַנק
און אויף די ליפּן אייערע — מיין נאָמען.
אָ, פריינט, מיין גאָט! — וועל איך דען שטאַרבן אָן אַ דאַנק?

אַ דאַנק דיר, גאָט! אויך אויף דער עלטער מיינער
דו האָלטסט דיין האַנט מיט חסד איבער מיר נאָך וואָך:
פלעגסט שפּרייטן שליאַכן און אַ הימל דעם ציגיינער,
און אויף די אַלטע יאָר געגעבן אים אַ דאַך...

הוי, זינג, ציגיינער, ווי אַ מאָל! אַ מוטנער פייער
פון אונטער דעם ציגיינערס גרויע ברעמען גליט:
„עך, דעם ציגיינער זינגט זיך, ווען ער איז אַ פרייער,
און פריי און פריי איז ער, ווען ער האָט גאָרנישט ניט..."

און דו, ציגיינערין, דיך ציט נאָך צו די בוידן
אויף שליאַכן און זאַהאָנען אויף גאָטס ליבער ערד?
פאַרנאַרן נאָך דעם בעסטן טענצער מיט די מוידן,
דעם קוטשעראַוון בעסטן גנבֿל פון פערד?

אין זיבן פאַרבן זייד, אין פאַטשערקעס און בלעכלעך,
אַ פייקל אין די הענט, אין רעדער ליכט און שטויב,
די שוואַרצע צעפּ אין גלעקלעך ביז די קנעכלעך
ביסטו געפאַלן מיר אין האַנט — אַ צאַפּלדיקע טויב.

און היינט, מיין טויב אין קאַרבן־קנייטשן און אַ גרויע,
די זיבן פֿאַרבן זייִד צעקנייטשט און אָפּגעבליאַקט,
דו קוקסט צום פֿרעמדן ים, און טראַכטסט פֿון שאָיע־טאָיע,
און טראַכטסט נאָך פֿון טאַבונען אויפֿן ברייטן טראַקט...

און טראַכטסט מיט מיר: מיר זאָלן ביידע שטאַרבן
אין זעלבן טאָג. און דיין געביין און מיין געביין
דער גוטער קברן זאָל אונדז אין אַ ריי — צוויי גאַרבן
פֿאַרשיטן ביידן אונטער איין מצבה־שטיין.

# די פרייד

די פרייד, מיט אַ דין־ראָזן פינגער,
קלאַפּט אָן אין מײַן שויב: — קום אַרויס!
דײַן הויקער דעם אַלטן גלײַך אויס
און וויש אָפּ די קנייטשן, ביסט ייִנגער...
איך צי אויף דער נאָז מײַנע ברילן:
אַהאַ, דאָס איז זי, איך דערקען.
די שלייערן, ווײַס ווי געווען,
איר שניי־ווײַסן אַקסל פֿאַרהילן;
די פֿערד מיט די זילבערנע גלעקלעך,
איר שליטן — אַזוי ווי אַמאָל —
זי פֿליט איבער שנייִקן טאָל,
צעווינטיקט פֿאַרשײַט אירע לעקלעך;
מיט דימענטן־טוי אויף די ברעמען
זי פֿליט אינעם שנייִקן שטויב — —
אַך, פרייד, קום ניט קלאַפּן אין שויב
צום אַלטן — זײַן עלטער פֿאַרשעמען...

## צוריק...

פון יענע פאַרגעסענע לויטערע יאָרן,
ווען גליק איז מיט אונדז, נאָר מיר גאַרן נאָך גליק,
טויכט אויף ווי פון וואַסער אַרויס אין זכרון
אַ רוף: — „דו געדענק, דו וועסט קומען צוריק״.
דער רוף פון אַ פרוי האָט זיך הינטן געטראָגן
מיט טרערן, מיט שטערן, אַקאַציע און צווייט.
נאָר קראַפט פון אַן אָפענעם קוואַל האָט געשלאָגן
אין פלי פון די יונגע באַפליגלטע טריט.
האָב איך יענעם רוף מיט אַ פייף אַ פאַרשייטן
פאַרשאַרט הינטער זיך און אויף אייביק פאַרמעקט.
קיין ווייבערשע טרער וועט דאָס גליק ניט פאַרבייטן
נאָך ווען מען מיין אָפענע האַנט איז געשטרעקט.
נאָר אָט האָט דער רוף דורך די יאָרן אין טריפן
צוריק צו מיין אַלטן זכרון געבראַכט
די פרוי אינעם פענצטער, דעם פייף אויף די ליפן,
אַקאַציע און צווייט און אין שטערן די נאַכט.
נאָר היינט בין איך אַלט, ווי דאָס גליק דער פאַרנאַרער,
מיט יאָגעניש זאַט, ווי מיט טעג בין איך זאַט.
דער האָר אויף מיין קאָפּ איז אַ סיוועך, אַ שאַרער,
און אַלץ וואָס איך ברענג — איז געהאַט, ניט-געהאַט.
אָך, גליק דער פאַרנאַרער! יאָג נאָך איבער טיפן
זיין ווינטיקן זעגל אין ים פון די טעג!
איז לאָז איך פאַרברענען אין ים מיינע שיפן,
און לייג לעצטע קלאַפטער צוריק צו דעם ברעג.
צוריק אויף דעם רוף. יענעם סוף צו פאַרלויפן...
ווי ערד גייט צו ערד און ווי לייב גייט צו לייב,
דאָ לייג איך מיין לייב — אַלטע ערד נאָר אָ הויפן,
אין שוים פון דער ערד ווי אין שוים פון אַ ווייב.

# דער עפּלבוים

דער עפּלבוים, דער מידער עפּלבוים,
האָט אָפּגעגעבן אַלע זיינע רויטע עפּל
דעם געלן וועלקנדיקן גראָז,
און וויסט און געל אין שטאַרבנדיקן זומער
איז ער אַ ליידיקער פֿאַרבליבן.

דער אַלטער באַלעבאָס פֿון שטיבל
האָט אין אַ ליימענעם פֿאַרברויגטן קריגל,
מיט שוואַרצע הענט פֿון גוטן גראָז
די רויטע עפּל אויפֿגעקליבן.

דער ווינט וואָס ווײנט בײַ נאַכט
בײַ אַלטע פֿלויטן,
האָט זיך אַ בלינדער
אין זיינע דאַרע צווייגן אומגעטריבן.

און ווען דער האַרבסט פֿאַרלעשט די נעכט —
האָט אַ שוואַרצער פֿויגל
פֿון נאַקעטן בוים,
שרעק פֿון טויט
אויף אַלעמען אין שטיבל אָנגעטריבן.

און שפּעטער האָט דעם טויטן עפּלבוים
אַ ווייסער שניי פֿאַרשנייט;
און דורך די טעג מיט זון און פֿראָסט
האָבן זיבן ווייסע טויבן
הויך זיך איבער אים געדרייט;
געפֿלאַטערט אינעם בלויען הימל
ווייסע — אַלע זיבן.

דער פראָסט האָט שווער פאַרצויגן
מיט גאָלד און בלוי
פון שטיבל אַלע שויבן.
און אויפן ווייסן טיש אין שטיבל
אין אַ שיסל פון צעשטראַלטן גלאָז,
די רויטע עפּל
האָבן זיך געגאָלדיקט
און זייער דופט פאַרשפּרייט: —
דעם דופט, דעם זיסן זכר
וואָס איז נאָך נאָכן עפּלבוים
אין ווינטער־טעג פאַרבליבן.

## אַ, טעג...

אַ, טעג וואָס צינדן זיך און גייען אוים אָן ליכט
אויף אונדזער שטומער ערד! — פאַרצערט און אָרעם
און קריכנדיק אין עלנט, ווי דער וואָרעם
פון פינצטערניש, מיין בלינדער לעבן קריכט
דורך פינצטערניש צו פינצטערניש פון קברים
צו אויפגיין דאָרטן ריין... פאַר וועמעס אָנגעזיכט?

## שפעטע טעג

אַ, שפעטע טעג, איך שטיי פאַר אייך געבויגן,
אין עלטער אין פאַרגיביקער געשטרויכלט.
נאָר, מוזע, ווען פון דיינע שיינע אויגן
אַ מידער און אַ גוטער מלאך שמייכלט, —
איך ענטפער מיט מיין שמייכל אָפּ אַ פרומער,
און איך בין בלוט און פייער ווידער,
ווי יענער יינגל פון דעם רויטן זומער
מיט ליפּן אָפענע פאַר לידער.

## ווײַל איז מיר

ניט נאָר די חכמה קומט מיט גוטער עלטער,
נאָר אויך אַזאַ געמיט וואָס לויטערט און באַרוט,
וואָס איז ווי אײַנגעשטעלטער ווײַן פון קעלטער:
זיס פֿאַר דעם אויג און הייטער, וואַרעם פֿאַר דעם בלוט.

און ווײַל איז מיר! אַז איך האָב אויך אין פֿריידן
פֿאַרזוכט דעם טעם דעם זיסן פֿון אַזאַ געמיט,
ווען מײַנע אייניקלעך באַפֿאַלן זייער זיידן, —
און איך — אַן אַלטער זיץ און לאַך אין זייער מיט.

איך בין צו יענעם אַלטן דעמב געגליכן:
ביז זײַנע קני אַרומגערינגלט מיט אַ קרייז
פֿון יונגע דעמבלעך, וועמעס צווײַגלעך קריכן
אַרויף, די באָרד צו כאַפּן פֿונעם הויכן גרייז.

איך זיץ און לאַך מיט אַלטע מוטנע אויגן
איבער יונגע קעפּלעך צו דער מוטנער ווײַט,
און זע די טעג וואָס זענען אָפּגעפֿלויגן,
און טעג, וואָס קומען אָן פֿון יענער, יענער זײַט.

# זישאַ לאַנדוי

די גאַנצע חכמה, זישאַ, — זי איז דאָך ניטאָ,
אַפּילו אונדז, פּאָעטן, איז זי ניט געגעבן.
און יעדער לעבעדיקער טראָגט זיין הייליק לעבן
צו יענער שטילער שוועל פון אונדזער לעצטער שעה.

און וואָס מיר ברענגען איר — דאָס נעמט זי גנעדיק צו,
ווייל אַלץ איז אירס: די קרוינען פון יחסנים,
די שיינע מעשׂים און די שיינקייט פון דעם פּנים
אין לויטערן געשטאַלט פון אים גאָט ברוך הוא.

נאָר ווי איז צו מיין האַנט. זי האָט מיט קאַלטן ליים
דיין קבר מיט דער לעצטער לאָפּעטע פאַרשאָטן:
דיך אָפּצוטיילן, ווי אַ ליכט טיילט אָפּ זיין שאָטן.
נאָר דיך האָב איך געבראַכט אין גאַנצן אין מיין היים.

אָט ביסטו מיט חברים ביי מיין טיש פאַרשייט און יונג,
בלויגאָלדיק, ווי דיין ווייטער נאַכטיגאַל דער בלויער;
און רייד פון דינער חכמה און פון שיינעם טרויער
ניטדאַיקן, בינדט, קניפּט דיין שטאַמלדיקע צונג.

וואַקסט איבער אַקסלען פון חברים הויך, צעהעלט,
מיט יענעם קנייטש פון טשעכאָוועווער אויף די ליפּן,
וואָס איז אַ ווונק פאַר אונדז: וואַגט, ברידער, צו פאַרקניפּן
דאָס טיפע האַרץ פון פאָלק מיט שיינקייט פון דער וועלט.

אַז אמן, זישאַ, אמן! אָבער ווו איז זי,
די שיינקייט פון דער וועלט? — די שווערד האָט זי אין מיסטן
פאַרשאַרט, אין בלוט, אין אונדזער בלוט אין וויסטן.
און ס'לויערט שוין אויף אונדז אַ נייער שבתי צבי...

פון אונדזער פּיין, פון מזרח קומט ער ווי אַ מאָל.
אַ ווייסן טלית טראָגט ער ביז די פאַלשע אויגן,
די פּאות אין זיין רויטער מיץ פאַרבויגן,
און רעדט שאַלקהאַפטיק מיט משיחס קול...

האָסטו זיך מיד פאַרנויגט — מיר האָבן דאָס געזען —
און ריטערלעך אַוועק אין קבר רוען.
איז דאָס אַ ווונק פאַר אונדז געווען: אַז וואָס מיר טוען,
איז אויסער אונדזער טאָג און — גאָרנישט ניט געשען.

# אַ ליד פון דריי

„צו פאַרלירן מיט אַ חכם איידער מיט אַ נאַר געפינען"...
פון דעם אַלטן קוואַל פון חכמה האָט די וואָר אַריינגעשריִען
יענעם אמת אין מיין אויער אין מיין יִינגלשן באַגינען,
ווען איך האָב מיט יונגע פליגל ערשט פאַרמאָסטן זיך צו פליִען.

דאָך, די חכמה פונעם האַרצן שטייגט די אַלטע חכמות איבער.
האָב איך, ווי ביים ים די מושלען, גוטע־ברידער אָנגעקליבן;
און פון אַלע גוטע־ברידער זענען צוויי געווען מיר ליבער,
און איך בין אין פיין פון לעבן מיט די צוויי אַזוי פאַרבליבן.

ביידע האָבן זיי געטראָגן יענעם מלכותדיקן נאָמען,
וואָס מיט לידער און אויף דורות האָט אונדז דער תּנך געגעבן;
און זיי ביידע זייער ליבשאַפט, ווי אַ דרעמלענדיקן זאָמען,
האָבן זיי אין מיר פאַרוואָרפן: היט און וואַרעם מיט דיין לעבן.

איינער איז געווען אַ חכם. ער פלעגט זאָגן: „נאָר די טויטע
און די שוטים זיינען הייליק — מיך זאָל טראָגן די הפקרות"...
און דער צווייטער... און דער צווייטער איז געווען אַ ליבער שוטה,
און פלעגט זאַמלען זעק מיט תּכלית פאַר די שפּעטערדיקע דורות.

און איך בין אַ ווילדער פויגל אויף דער ברייטער וועלט געקומען:
הפקר פלאַטערן מיט ווינטן, פייפן, צוויטשערן און זינגען;
זון פון טעג און טעג פון טרויער, וואָס איך האָב אַרום פאַרנומען,
פריי אַרום דורך אַלע רוימען מיט אַ פייפעריי פאַרקלינגען.

פלעג איך פליִען צו דעם חכם, הילכיק פייפן אויף זיין צווייגל
די הפקרות פון אונדזביידן, — זי זאָל ביידן אונדז פאַרשווענקען...
פלעגט דער שוטה שפּרייטן נעצן, מיך פאַרנאַרן אין זיין שטייגל:
„פייף אין מיינע זעק מיט תּכלית, וועלן דורות דיך געדענקען!"...

איז דער חכם פּרי געשטאָרבן אָן תּכריכים און אָן קרקע.
און צו לאַנגע יאָר, מיין שוטה, — גאָט זאָל בילכערם אים אַנטפּלעקן, —
שלעפּט די שווערע זעק מיט תּכלית אויף די פּלייצעס זיינע שטאַרקע
אויפן שליאַך צו ווייטע דורות, ווען דער שטויב וועט אונדז פאַרדעקן.

ווען דער שטויב וועט מיך פאַרדעקן... וויים איך, אַז איך האָב פאַרלוירן
מיט דעם חכם... אַז מיין פייפן וועט אויף אַלע טעג פאַרשטומען;
און דערפאַר וועל איך די פּליגל לייכטע לייגן אין מיין אָרון
און אָן זעק מיט שמאָכטעס תּכלית פאַר דעם גוטן בורא קומען.

## ערד איז אין דיר

ערד איז אין דיר — אירע ריחות און טעמען,
ים איז אין דיר — און זיין טויבער געזאַנג,
זון איז אין דיר — אירע לויטערע פלאַמען,
ווינט איז אין דיר — און זיין אייביקער גאַנג.

פייער מיט וואַסער אין דיר איז פאַרקנאָטן,
קריכסט אין אַ קנויל, ווי די ערד אין איר תּהום.
וואַרפסט אויף דער זון דיין מטושטשן שאָטן,
רוישסט ווי דער ווינט און ווי ער ביסטו שטום.

## ליד

מיט נייעם גרינגראָז איז די גאַנצע ערד באַדעקט.
די ווייטן אין גאָטס וועלט — זיי ליגן ברייט און אָפן.
און אין מיין מידן האַרצן רופט און רעגט און וועקט
אַ נייער כּוח, וואָס איז לאַנג און האַרט געשלאָפן.
און נייע פליגלען וואַקסן, שפּרייטן זיך און ציִען,
גאָטס וועלט אַרומנעמען, גאָטס וווּנדער זען.
נאָר איך — איך האָב שוין ניט נאָך וואָס צו פליִען:
איך קום דאָך ערשט צוריק, און האָב שוין אַלץ געזען!

## זומער־פוילקייט...

איך בין געזעסן ביי מיין שוועל,
גערויכערט פרידלעך דעם טיטון,
און ווי אַ חיה אין איר פעל
מיין לייב געוואַרעמט אין דער זון.
מיין אַלטער הונט איז פויל און זים
געשלאָפן האַרט ביי מיינע פים.

די ביימער ווי פון גרינעם שטיין,
דער טעפּעך פון באַזונטן גראָז,
דער הימל — דין און בלוי און ריין...
און איך האָב מיט מיין אַלטער נאָז
געצויגן פון דער דינער לופט
פון רו און וואַרעמקייט דעם דופט.

און ווי דער הונט — אי זים, אי פויל,
מיין ווונד מיין אַלטע, ווי אַ קלעק,
איז איינגעשלאָפן אין אַ קנויל
ביי מיר אין האַרצן אויפן דעק...
אויך איך — איך ווייס ניט ווי אַזוי —
בין איינגעשלאָפן גלייך מיט זיי...

אַך, גוט... דער טאָג — אַ לייכטע שיף —
גייט לייכט, ווי אויף אַ ברייטן טייך,
מיט הימלען בלויע אין זיין טיף...
נאָר ווי מיט אויגן, שאַרף און גלייך,
פון אַלע זייטן מאָנט און היט
די אַרבעט, וואָס איך טו זי ניט...

נאָר ווייטער האָב איך ניט געטראַכט...
די זון האָט מיר מיט שלאָף און צאַרט

די אויגן וואַרעם צוגעמאַכט.
האָט מיר שוין גאָרנישט ניט געאַרט...
איך האָב נאָר אין מיין שלאָף געהערט
מיין ציביק פאַלן צו דער ערד...

## זיידעס מיינע

ווער קען וויסן אַלע סודות? —
ניט געטראַכט און ניט געדאַכט
האָבן מיינע שטומע זיידעס,
אַז פון זייער שטומער טראַכט

וועט אַן אייניקל אַ ווייטער,
נאָר אַ שפּראָץ פון זייער שוים,
אַ געשייטער, אַ פאַרשייטער,
פון דער שטומעניש אַרויס?

מיטן וואָרט אויף זיינע ליפּן
וועקן זייער הייליק אָרט;
זייער שטומקייט אויפצוקניפּן
מיט דעם אויפגעהילכטן וואָרט.

זיידעס מיינע, שטומע זיידעס!
אָרעם איז דאָס וואָרט און קליין.
הינטער ווערטער — שטומע סודות
ווי די חיות שטשירען ציין.

## אַ תּפילה

איך האָב גענומען פון מיין זיידן
דעם טרויער פון די וואָגל־וועגן.
אָ, גאָט, גיב מוט מיר פון מיין זיידן!
און איבער אַלע וואָגל־וועגן
דיין ליכט זאָל אויפגיין מיר אַנטקעגן;
און איך זאָל נאָר מיט מיינע קינדער
אויף אַלע וועגן דיך פאַרנעמען;
און מיינע קינדערס־קינדערס קינדער
מיין טרויער זאָלן איבערנעמען
און מיט דעם זיידן זיך ניט שעמען.

## דער טויט

איך האָב ניט פאַרנומען ביי נאַכט קיין געשריי,
דאָך נאָענט געווען איז די שרעק.
פאַר טאָג ערשט האָב איך אויפן פעלד אויפן שניי
געפונען דעם בלוטיקן פלעק.

אַ טונקעלער, רויטער, פאַרפרוירענער פלעק.
אַ פעדער. צעגראָבענער שניי.
און טריט פון אַ חיה, וואָס לויפן אַוועק
אין פעלד אין אַ בלווילעכער ריי.

## ווי דער עפּל

דורכגיין יעדן שטעג פון לעבן,
אַלץ באַנעמען, גאָר ניט נעמען,
און אין לידער איבערגעבן
אַלעמען — אַלץ איינס פאַר וועמען.

זיין ווי אויפן בוים דער עפּל:
פון דעם שוואַרצן וואָרצל פּראַלן,
ציִען זון און ווינט און נעפּל
און אין האַרבסט אַרונטערפאַלן...

## מיט וועמען?

מיין לייב ווערט אַלט, געקנייטשט און קראַנק
און שטאַרבט אין ווייטיק שטיל, שטיל אָן טרערן.
נאָר יונג און פלאַטערדיק איז מיין געדאַנק
און וויל נאָך אַלץ פאַרצערן און געבערן...

מיין לייב איז אַלט... דער קאַלטער טויט וועט באַלד
די ערד צו ערד פאַרשאַרן און פאַרשעמען...
און מיין געדאַנק, ווי יונגער רוישן פון אַ וואַלד, —
מיט וועמען וועט ער בלייבן דאָ, מיט וועמען?

# אַ וואַנדערער בין איך אַ מידער

אַ וואַנדערער בין איך אַ מידער,
געשטרויכלט און לאַנג איז מיין וועג.
טעג לעשן זיך, צינדן זיך ווידער,
און איך בין אין שטוב פון דער נידער
אַ טייערער גאַסט ביי די טעג.

זיי קומען אַנטקעגן ווי מיילן,
מיט זון און מיט שמייכלען צעשיינט,
און רופן ווי האַרציקע פריינט
אין זייערע שאָטנס פאַרווײלן;

זיי גיבן מיר וואַסער צום טרינקען,
צום עסן מיין זאַטיקן ברויט,
און רו, ווי דעם אַרבעם אין שויט,
מיין קאָפּ אין דער רו צו פאַרזינקען.

אָ, טעג, אייך מיט דאַנק צו פאַרבלייבן,
ווען איך זאָל אייך קענען אויף לאַנג
אייך אַלע אין האַנט צו פאַרקלייבן,
ווי קערנער, וואָס ווינטן צעטרייבן,
צוריק צו פאַרקלייבן אין זאַנג!

## ווי אַ גלאָק

ניט דאָס גאָלד מיט זיין שיכּורן זינגען,
ניט דעם הילכיקן פליגל פון רום;
נאָר דאָס גראָז אינעם ווינט הער איך קלינגען —
ווי דאָס גראָז בין איך פאָרכטיק און פרום.

גראָז אין פעלד! אייער שפּלע נידער
ווי אַ גלייכן מיט אייך נעמט מיך צו,
און דורך טרערן פון בלוט און פון גלידער
קלינג איך אויף ווי אַ גלאָק נאָך מיין רו.

## עפן

עפן דיין טויער, גיב רו דעם מידן,
פרעג ניט פונאַנדער — זיין טרויער דערציילט,
און אַ געטרייסטער אין צער און אין פרידן
גייט ער זיין וועג, וואָס זיין טראָט האָט געוויילט.
עפן...

איך בין אַ פויגל פון ליידיקע הייכן,
קראַנק ליגט מיין פליגל אָן האָפט ביי דיין טיר;
עפן פון רחמים דיין הייליקן צייכן,
זאָל מיך מיין פליגל דערטראָגן צו דיר.
עפן...

## פון מיין היגל

דו האָסט מיר צוגעטיילט די פולע זעט פון יאָרן,
די קרוין פון עלטער — שטאָלצן זילבער אין די האָר;
די ראיה פון אַן אינד אַרומצונעמען קלאָר
פון היגל, ווו איך שטיי ביים שימער פון זכּרון:

דעם טאָל, די אָפּגרונטן, ווו איך בין דורכגעפאָרן
מיט מיינע רייטוועגן פון שפּראָץ פון מיין קאַיאָר
דורך רויטן זומער, גאָלדן האַרבסט, ביז ווייסער וואָר
פון ווינטערטעג, ווען זייער ראָד האָט איינגעפראָרן

די קנייטשן אויף מיין שטערן פון דערקענטער פּיין,
פון דורכגיין אויף דיין ערד און פון דער טרייסט פון אַנען,
אַז אומעטום דיין חסד איז מיר בייגעשטאַנען;

אַז ווי דיין האַנט, וואָס פירט די זון אין טאָג אַריין, —
אַזוי האָט אויך דיין האַנט געשטאַרקט מיין אַלטן פליגל,
דערהויבן מיך צו לויבן דיך פון מיין דערגרייכטן היגל.

## וועוטער

אָפּט קומען רגעס ווי אַ בליץ, און שרפֿען
דאָס האַרץ, וואָס ליגט צונויפֿגעדרייט און פֿויל,
גלייך ווי אַ שלאַנג אַ קראַנקע, אין אַ קנויל.
דאָס האַרץ שפּרינגט אויף אין אַנגסט און ווייטיק שאַרפֿן,

פֿאַרוווּנדיקט דורך און דורך, און נעמט זיך וואַרפֿן
פֿון אַנגסט און פֿרייד פֿאַרפֿלאַמט ביז רויטער קויל.
און דעמאָלט קומען ווערטער פֿאַרן מויל,
וואָס זינגען אויף ווי אַ געזאַנג פֿון האַרפֿן.

דאָס זיינען ווערטער פּראָסטע, וואָס זיי שימלען
אין שטומען פֿאָלק, אין מיסטן פֿון יריד;
איצט זינגען זיי דערהויבן אין אַ ליד

און הילכן אָפּ אין אַלע זיבן הימלען;
און הילכן אָפּ אין פֿאָלק, וואָס שטייט פֿאַרזאַמלט
און זאָגט זיי פֿאַרכטיק נאָך און שטאַמלט.

## דער פּיטן

זאָל שרייענדיקער שטאָל און גרויער שטיין פֿאַרבייטן
דאָס גרינע גראָז; דער בראַזג פֿון האַמער און פֿון צוואַנג
און רוישן פֿון דעם ראָד — דאָס פֿייגלשע געזאַנג;
דער גרילץ פֿון זעג — די זומער־גריל; דעם פֿרומען פּיטן —

דער סוחר. און ווי אין די אור־ און ערשטע צייטן
דאָס גראָז וועט דורכן שטיין אַרויסשפּאַרן זיין זאַנג
אין איינעם מיט דער גריל; און איבער דעם געקלאַנג
פֿון שטאָל — דער פֿויגל וועט פֿאַרקלינגען אַלע ווייטן.

און אויך דער פּיטן: פֿרום, פֿון טומל פֿונעם מאַרק,
פֿון האַנדל־האַוועניש און דעם גערויש פֿון רעדער
וועט ער זיך שאַרן שטיל מיט פֿאַרמעט, טינט און פֿעדער

צו הייליקייט פֿון וואָרט, וואָס איז אין שפֿלות שטאַרק, —
צו האַפֿטן תּפֿילות פֿון דער וועלט: מיט גאָט פֿאַרקניפּן
דאָס האַרץ, די שווערמוט אויפֿבינדן אויף שטומע ליפּן.

זיי זיינען דאָרט, אוי, גאָט, געווען אַ סך, אַ סך,
אַזעלכע לעבעדיקע און אַזעלכע בראַווע,
אַזעלכע שטאַלטנע, בערדיקע און קוטשעראַווע —
און מיט אַ ווונדערלעכער אויסטערלישער שפּראַך.

און זינגען פּלעגן זיי פון אונטער יעדן דאַך
אַזעלכע האָפּערדיקע לידער און טשיקאַווע:
פון מלך אלי־מלך און דער שיינע פּאַווע,
מיט מעביר־סדרה טראָפּ און צימבלען פון תּנך.

נאָר איבער זייער קאָפּ — די זון האָט נאָך געזען
די רויע גוואַלד, דעם קאַלטן מעסער ביים רוצח,
ווי ער איז איבער זיי אַראָפּ, מיט ווילדן כּח,

און ס'אַראַ מערדעריי איז דאָרט געווען!
איצט זענען זיי אַ זכר נאָך פון יענער גוואַלד:
אַ צוויי־דריי ביימער פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

## צו וועמען?

מיר האָבן לאַנג געוואַרט מיט תּפילות אויף דיין קומען,
אַ שטילע עדה ייִדעלעך מיט פֿרומע בערד —
אַ, גואל, גוטער גואל אויף דיין ווייסן פֿערד! —
און ניט דערוואַרט. מיר זיינען אַלע אומגעקומען,

ווי צאַן־קדשים אָן אַ ווידוי־וואָרט אַ שטומען,
אין בראַנד פֿון שונאס קאַלכאויוונס און שווערד.
און אונדזער מיסט און אַש האָט אונדזער מאַמע־ערד
איר גאָב אין די געדערעם אירע צוגענומען.

נאָר מיך — אַ קליין, קליין ייִדעלע האָט אויסגעמיטן
דער קאַלכאויוון, זיין פֿייער און זיין בראַנד,
און ניט פֿאַרצערט אויף אַש מיט אַלעמען אין שאַנד,

און ניט דעם שונאס קאַלטע שווערד האָט מיך פֿאַרשניטן, —
צו זיין אַ זכר נאָר — דערמאָנען און פֿאַרשעמען:
— צו וועמען, גואל, וועסטו קומען היינט, צו וועמען?

# ניטל

די נאַכט וועקט אויף דאָס קופּער פון די גלאָקן.
מיט פאַקלען, פראָסט און וויירעך וואַכט די שטאָט:
פון טויט שטייט אויף מיט פרידן זייער גאָט.
און מהנות טראָגן אויף אַ הויכן פלאָקן

זיין דמות; און זייער בלינדער שווערער טראָט
טראָגט האַס; און אין די ענגע שטומע שטאָקן
ישׂראלס קינדער דופּענען צעשראָקן —
אָ, גאָט פון רחמים! — אויף דיין באַראָט.

און הינטער טיר און לאָדן זינגט דער שניי.
און ברייטע בלויע הימלען פראָסטיק בלענדן.
די נאַכט איז פון איר קרוין ביז אירע לענדן

מיט שטערן און מיט רו... נאָר אַ געשריי
רייסט אויף די רו פון אַלע אירע שלעסער:
דאָס שרייט דאָס בלוט אין אַנגסט פאַר זייער מעסער.

## זיי לאַכן...

זיי לאַכן — און איך וויין: פּאָעטן, מיינע ברידער,
די מלכּה ייִדיש שטאַרבט. אַ נייער בייזער האַר
האָט מוטוויליק אויף אונדזער קרוין געלייגט זיין גזר, —
און אונדזער מלכּה איז געשטאָרבן אין האַרמידער

פון גאולה, פויקנרויך און שטויב פון האָרע־לידער.
אָ, ברידער, וויינט. און דעקט מיט אַש די קעפּ אין צער
און ברענגט דער מלכּה אין איר קרוין דעם לעצטן שׂכר:
גראָבט אויס איר קבר און מיט כּבוד לייגט אַנידער

די מלכּה מיט די פעדערס אייערע, וואָס האָבן
די פיין פון פאָלק אין פאַרכטעניש און פרום
אויף ריינע פּאַרמעטן פאַרשריבן אין איר רום, —

און זאָל די לאָפּעטע די קאָלטע זיי באַגראָבן! —
אַז אונדזער פייערפאָלק, דער פינצטערער המון,
זאָל קיין מאָל ניט געפינען דעם שטעג צו אונדזער קרוין.

## איסט־בראָדוויי

פון אַלע רייכע גאַסן איז מיר טייער
מיין יידישע פאַרגרויטע איסט־בראָדוויי;
די אַלטע הייזער — צוויי געקרימטע ריי
די איידעלע פאַרשמאַכטע שמייער,

אין צער באַצייכנט מיט גאָטס אַלטן פייער,
וואָס טליִעט קוים און לעשט זיך ניט אין זיי,
און די — וואָס שפּרייטן הויך דעם ווייגעשריי
פון פאָלק אויף ראָגס — נביאים און באַפרייער;

און איר, פּיטנים, זינגענדיקע ברידער!
איר האָט דאָס האַרץ פון פאָלק געטריי און ריין
פאַרקאַרבט דאָ אויפן ברוד פון יעדן שטיין

אין לידער־תּפילות פון אַ נייעם סידור,
אַז יעדער שטיין נאָך אייך וועט לאַנג, נאָך לאַנג
מיט יידן זינגען אייער זיס געזאַנג.

## געבענטשט

געבענטשט זאָל זײַן די ערד פֿון אונטער מײַנע טריט,
און איבער מיר די זון, וואָס צייכנט מײַנע טעג;
די ווינטן און די רוימען, וואָס איך זע זיי ניט,
נאָר ווי דאָס גראָז באַרירן מיך אויף זייער וועג;

די ביימער, וואָס זיי וואַקסן פֿאַר דער הייסער זעג;
די חיות, שטומע, וואָס איך פֿיל ווי ברידער מיט;
די פֿייגל, וואָס זיי רופֿן צו מײַן גרויען ברעג
אַרויף נאָך זייער הויכן פֿליגל מײַן געמיט.

געבענטשט, געבענטשט. נאָר טויזנט מאָל געבענטשט זאָל זײַן
פֿון מײַן געבוירן יענער ערשטער טאָג,
ווען איך האָב אַלדי וווּנדער אויף דער וועלט דערזען.

איך זאַמל זיי דורך טעג און וואַרעם זיי און טראָג
צו לייגן זיי ביים קבר, ווו די פֿיין שלאָפֿט איין
פֿאַר גליקלעכע ווי איך, וואָס וועלן קומען ווען.

## אויפשריפט אויף מיין מצבה

דאָ ליגט הירש איצים זון מיט שערבלעך אויף די אויגן,
באַגראָבן אין תּכריכים ווי אַ שיינער ייִד,
ער איז אויף אונדזער וועלט ווי אויף אַ יאָר־יריד
אַראָפּ צופוס פון ווייטן ישוב ניט־געשטויגן

פאַרקויפן ווינט. ער האָט אויף וואָגשאָל אָפּגעוווּיגן
זיין האָב און גוטס אַ סוחר־מוכר אַ ידיד;
און איז צו ליכט־בענטשן אַהיים געקומען מיד,
ווען ערשטע שבת־שטערן האָבן שוין פאַרצויגן

דעם הימל אויף זיין ישוב איבער אַלע ייִדן.
איצט ליגט ער דאָ. זיין קבר־ערד מיט גרינעם מאָך
איז אַ מחיצה צווישן אים און גרויער וואָך,

און צווישן טומל פון יריד און שבת־פרידן.
און היפּשע רעשטן ווינט, וואָס איז נאָך אים פאַרבליבן,
האָט ער אין זיין צוואה קינדער אָפּגעשריבן.

# טעלערלעך פון הימל

דו האָסט דעם ערשטן אָנהייב דיינעם אויפגענומען
אין דיין פאַרליבטער מאַמעס הייסער חופּה־נאַכט;
און פון דער ליבער ענגשאַפט פון איר מוטערטראַכט
ביסטו אַ גאַרנדיקער אויף דער וועלט געקומען

צו ליב האָבן די וואַרעמע און זאַטע פּראַכט
פון אירע פולע בריסט — די זיסע רויזנבלומען,
וואָס האָבן האַניקמילך געקלערטן צו דיין גומען
ווי אויף צוויי טעלערלעך פון הימל דיר געבראַכט.

ביסט מיט דער מאַמעס מילך געוואַקסן שיין און הויך.
ביסט מיט אַ קאָפּ אַ הויכן פון דער מאַמען העכער,
און העכער פון די מיידלעך, וואָס דו טאַנצסט מיט זיי.

האָסט יעדע מיידל ליב, האָסט ליב דעם הייסן פּעכער
פון זייער קלייד, וואָס רייצט מיט האָניקמילך, מיט רויך,
מיט טעלערלעך פון הימל צוגעזאָגטע צוויי.

## ביים ים

דער שטעג צום ים איז ווייס און אויסגעטראָטן,
און ווייס איז די לבנה. ווי אַ טראָפּן טוי
איין פולער שטערן בלינצלט מיט זיין שאַרפער בלוי
צו קיינעם ניט. און אין מיין טראָט און ווי מיין שאָטן

מיט אַלע שטילע פייערן אין בלוט פאַרקנאָטן
גייט ביי מיין זייט מיין אויסדערוויילטע פרוי.
דער ים איז שטיל. דאָס אויער כאַפּט נאָר אויף, ווי שלוי
זיין שטורמיק האַרץ ליגט אונטער פאַלשער רו פאַרשאָטן.

אויך אין מיין האַרץ איז רו. דאָס וואָרט נאָר זוכט פאַרקניפּן
אַ ליד. — ווער הערט? — אָט ברעכט עס אויף די צוים פון רו
ווי פונעם ים זיין שטורעם. — נאָר עס קומט ניט צו

ניט צו מיין הויכן קול און ניט צו מיינע ליפּן. —
ווער הערט? — די פרוי נאָר ביי מיין זייט, — איר איז באַשערט;
איר האַנט גיט צייכנס צו מיין האַנט — אַ צייכן, אַז זי הערט.

# ביים שוועל פון גליק

אין יענעם שפעטן אָוונט האָט אויף אים געוואַרט
אַ פרוי, מיט ליכט פון אַלע פענצטער צו די שטערן,
מיט אַלע זיסע הייסע ריחות פון באַגערן,
וואָס זי האָט אָפּגעהיט פאַרליבט, אין צניעות, צאַרט,

מיט ווייבערשע פאַרבאָרגענע פאַרבענקטע טרערן
פאַר אים אַליין. נאָר ער איז לאַנג און איינגעשפּאַרט
געשטאַנען פאַר אַ צווייטן פענצטער און געשטאַרט
צום פּאַסיק ליכט פון הינטער טונקלע פאָרטיערן,

צו יענער פרעמדער, וואָס זי גנבעט ביי אַ צווייטן
פאַר אים אַ לעפל גליק מיט ביטער־זיסע זינד.
אָט וועט זי באַלד פאַרוויגן יענעם און דאָס קינד

און וועט אַרויס, און וועט אַרום זיין האַלדז פאַרשפּרייטן
דעם צווייטנס שאָדן און די נעץ פון אירע שטריק.
און ער פאַרציט די שטריק ביים שוועל פון יענעם גליק.

## פרעמדע

ער איז איר ווי אַ קינד צום האַרצן צוגעפאַלן
אין צער און גרויסן עלנט, מיט פאַרשמאַכטע אויגן;
און מיט זיין הונגעריקן בלוט האָט ער געזויגן
פון אירע אויפגעוועקטע גאָלדענע צוויי קוואַלן

איר טעם פון מילך, און ווי אַ מעסער זיך געצויגן
צו עפענען איר זיסן לייב — אים אויפצופראַלן,
און אויסגיין, אין פאַרקילטן רויג, פונאַנדערפאַלן
אין איר, צו איר אין תהום, צוריק אין אירע רויגן.

אין אָוונט מיט די שטערן זיינען זיי געזעסן
ביים טיש. זיי האָבן ביידע פון דעם ברויט געגעסן.
דאָס מעסער אויפן טיש איז צווישן זיי געלעגן.

נאָר ביידנס אויגן האָבן פרעמד זיך אויסגעמיטן,
ווי ס'וואָלט דאָס מעסער זייער קנופּ אויף צוויי צעשניטן
און זיי צעטיילט ווי פון דעם טיש די ביידע ברעגן.

# אַ פלוים

אין קילן אָוונט האָט דער באַלעבאָס
פון בוים אַ רייפע פלוים אַראָפּגעריסן
אין איינעם מיטן בלאַט, און איינגעביסן
די טוויק בלויע הויט. האָט פון זיין שלאָס

דער שלאָפעדיקער זאַפט געטאָן אַ גאָס
מיט קילן שוים. און צו פאַרשליסן
איר גאַנצן זאַפט — אַ טראָפּן ניט פאַרגיסן —
האָט ער פאַמעלעך, ווי מען טראָגט אַ כּוס

מיט וויין, איןביידע פולע הענט די פלוים
געבראַכט דער ווייב און איידל צוגעטראָגן
צו אירע ליפּן. האָט זי מיט אַ ליבן

„אַ דאַנק" — פון זיינע הענט גענומען נאָגן
די פלוים. ביז אין די הענט איז אים פאַרבליבן
די הויט, דאָסביינדל און צעקלעקטער שוים.

## די קיך

דאָס אויסדערוויילטע ווינקל אין אַ הויז דאַרף זיין
די קיך. ניט יענער זאַטער ווינקל, ווו דו עסט
ביים ווייסן טיש. און ניט די סאַליע, ווו די געסט
באַרעדן פריינט אין ווייכע שטולן ביי דעם ווין

מיט צוקער־לעקעכלעך. און ניט דיין שטילע נעסט
אויף דופטנדיקע פעדערן, ווו דו שלאָפסט איין
ביים ווייסן אַקסל פון דיין ווייב. נאָר קום אַריין
אין קיך און פיל די שלווה פון דיין לעבן. זעסט

דיין ווייב ביים אויוון, ווען דער זאַטער פייער ברענט
מיט זינגענדיקע שמעקעדיקע פולע טעפּ.
זי שטייט פאַרטרויטלט, אין די בריסט פאַרלייגט די צעפּ,

און קנעט די זיסע קוגלען מיט די קליינע הענט.
און ווען זי זעט דיך אין דער קיך צעשמייכלט שטיין, —
פאַרשעמט זי זיך — אַ כלה־מיידל אין איר חן.

## דער טאָפּאָלבוים

אַזאַ רחמנות אויף דעם טאָפּאָלבוים!
ער שטייט פֿאַרוואָרצלט אויף איין פֿוס אַליין
און עלנט אויף מיין הויף און קען נאָר גיין
מיט גרינע גאַרנדיקע הענט צום רוים,

וואָס וועלבט און שפּרייט אַרום אַזוי געראַום
נאָר ליידיקייט און עלנטקייט — כאָטש וויין!
נאָר איך האָב זיך געלערנט צו פֿאַרשטיין:
אַז ליידיקייט פֿון רוים וואָס רירט זיך קוים,

און קוים נאָר וואָס דאָס הוילע אויג דערקענט,
פֿאַרנעמט ער הויפּנסווייז מיט גאַרע הענט
צו זיך, און שפּינט פֿון דעם זיין שאָטן אוים:

אַ טאָפּאָלבוים ווי ער, אַזאַ וואָס גייט
אַרום זיין ברייטן קרייז, אָט קליין, אָט גרוים,
און גרייט דעם עלנט טיילן זאַלבעצווייט.

# אין נעכט פון פאַלשן שלאָף

אין נעכט פון פאַלשן שלאָף, אין שטילקייט פון די שטערן,
ווען אַלע טעמפּע פויקן פון דעם טאָג פאַרשטילן,
שטייט דער זכּרון אויף, טוט אָן די אַלטע ברילן,
און צינדט דאָס ליכטל פון זיין נאַכטיקן לאַמטערן,

און שלייכט זיך שטיל אַרויס, אַז איך זאָל ניט דערהערן.
נאָר איך בין וואַך און הער זיין שאַרן איבער דילן
און שאַר זיך ביי זיין זייט. אין וויטן נאַכטיק בילן
די הינט. — מיר קומען צום בית עולם מיט זיין שווערן

און וואַכן פלויט. מיר קלעטערן דעם פלויט אַריבער
און פויזעןביידע צווישן קברים ווי אויף גנבה.
און דאָ באַווייזט ער אויף אַן אָרעמער מצבה:

„דאָ איז פאַרקריצט איר נאָמען. וויין". אין יענער טריבער
באַשערטער נאַכט אַ גרויער מלאך איז געקומען
און האָט זי פון איר חופּה גלייך אַוועקגענומען.

## דער טויט

איך האָב געזען דעם טויט אין פרעמדע ווייסע ווענט
אויף ווייסע קילע ליילעכער אין אַ שפּיטאָל,
אין ווייסן שיכּורדיקן ריח פון קאַרבאָל,
און אין דעם ווייסן פייער, וואָס האָט קאַלט געבלענדט

פון אירע יונגע ציין, ווען זי האָט נאָך געברענט
פאַר מיינע שטאַרע אויגן אין אַן אָרעאָל
פון פּיין און שטאַרבן — ביז דער טויט האָט פון זיין שאָל
איר ווייסן אַש אַ שאָט געטאָן אין מיינע הענט.

פון יענער רגע זע איך אויף דער וועלט דעם טויט
אין אַלץ, וואָס לעבט אין ווייס: אין אויפגעוויסטן בליט,
אין מוטערס מילך, אַפילו אין דעם טאָג אַליין,

אין זאַלץ אַפילו וואָס באַטעמט מיין ברויט;
און ווען דעם פּנים פון דער ערד אַ שניי פאַרציט,
זע איך תּכריכים איבער אירע יונגע ציין.

## ווען עפּל פֿאַלן

ווען לעצטע עפּל פֿאַלן פֿון די ביימער,
ווערט אומעטיק די וועלט. דאָס גראָז ווערט געל
פֿון טרויער; קורץ און גרילצנדיק דער טרעל
פֿון דראָסל; און אַ ווינטל אַ געהיימער

פֿאַרבלאָזט צו פֿרי די קרומע זון פֿון שוועל;
און פֿונעם דאַך — אַ שאָטן ווי אַ שומר
וואַרפֿט אויפֿן פֿעלד אויף גרויע-געלע ליימער
און אויף אַ העזל אין זיין גרויער פֿעל

אַ קילן קראַנקן ליכט פֿון זיין לאַמטערן.
און האָרך — אַ פֿאַל: אַ לעצטער עפּל פֿאַלט.
און הויכע שטערן האָרכן וואַך און קאַלט

אין זייער טרויער, ווי פֿאַרקילטע טרערן.
און גרילן וויינען, זאָגן אָן דעם ראָסט
פֿון רויטע קאַלינעס און ערשטן פֿראָסט.

# אין זיין גנאָד

איך נעם אַ הויפֿן ערד, וואָס ליגט ביים פֿוס צעטראָטן,
איך שמעק עס, נעם עס צו די ליפּן און צערייב
אויף שטויב. — האָט גאָט מיך מיט מיין לעבעדיקן לייב
פֿון דער אַ נישטער זאַך אויף וואונדער אויסגעקנאָטן,

צו קריכן אויף דער ערד מיט מיין פֿאַרשעמטן שאָטן,
מיט גיריקייט פֿון פֿלייש, מיט גלוסטן צו אַ ווייב,
מיט נעגל־ציין: פֿון אורטעג נאָך אַן איבערבלייב,
פֿאַר וועמען גאָט געקריצט האָט זיינע ציין געבאָטן?

ניין, ניט פֿון ערד. פֿון ווינט האָט ער מיך אויסגעשפּונען,
פֿון לעבעדיקן אָטעם זיינעם, וואָס ער בלאָזט
פֿון זיינע נאָזלעכער מיט פֿליגל הויך צעלאָזט

אַריבער אונדזער ערד, מיט שטערן און מיט זונען,
צו דרייען אייביק, אייביק אין זיין גרויסן גנאָד
פֿון זיין פֿלאַמפֿייערדיקן רייטוואָגן די ראָד.

# אַ זון אין גאַנצן מײַנע

אַן אַלטער פֿעפֿער, וואָס איך האָב פֿאַרשלאָפֿן
ניט אײן קאַיאָר — די לאַנגע לעצטע נאַכט,
ווי אַ געטרײַער הונט אין פֿעלד, וואָס וואַכט
און טרײַבט צוריק די שאָף, — וואָס איז אַנטלאָפֿן,

צוריק אין סטאַדע, — גאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿן —
האָב איך אין באַהעלטעניש צוריק געבראַכט
די שלעכטע שאָף — מײַן זינדיקן פֿאַרדאַכט:
אַז אַלץ, וואָס מײַנע אויגן שעפֿן אָפֿן,

איז ווי פֿאַר יענעם גאַסט, וואָס איז געקומען
צו קלײַבן ברעקלעך פֿון גאָטס רײַכן טיש.
נאָר אָט האָט גאָט אַלײן געטאָן אַ וויש

די ברעמען פֿון קאַיאָר, זײַ ברייט צענומען
און זון אַ גאָס געטאָן צו מײַן געצעלט,
אַ זון — אין גאַנצן מײַנע אויף דער וועלט.

# אין לויטערקייט פון טאָג

אין לויטערקייט פון טאָג, מיט אַ געמיט
אַ לויטערן, בין איך אַרום אַנטקעגן
דעם רוף פון שטאָט, פון טומלדיקע וועגן,
ווו הינטער יעדן ראָג און שטיין, געניט,

פון זיין באַהעלטעניש דער גנב היט
מיט קרומע שלויע אויגן, אָפּצווועגן
די גרייס פון יעדן דורכגייערס פאַרמעגן.
בין איך נאָך יענעם רוף מיט לייכטע טריט

אַרום. מיין גאַנצער אייגנס איז געווען
נאָר פון אַ ליד דאָס יוירן פון אַ קערן:
צי קען פון דעם אַ גנב רייכער ווערן?

האָב איך ביז פריִען אָוונט צו מיין פען
געבראַכט אַ פאַרטיק ליד, מיט גאָלד געוווגן,
און דורכגעטראָגן פאַר דעם גנבס אויגן.

## מיין מסורה

איך קום פון שטאַמען צוויי — די עלטער־זיידעס מיינע,
זיי האָבן ווי צוויי שטראָמען אין איין טייך
צונויפגעגאָסן זיך, און זיך צעריסן גלייך
אויף שטראָמען צוויי, אין העק פון ייִדישער אוקריינע.

איין שטראָם פון פּראָסטע ייִדן האָט די קינדער זיינע
געהאָדעוועט אויף מערק מיט גויִים — פריד צו אייך!
דער צווייטער — ווי די ריינע תּורת־אמת רייך —
אויף ספרים אין קאַפּאָטעס אַטלאַסענע, פיינע...

איז וועלכן יחוס מיינעם זאָל איך איבערגעבן
צו מיינע קינדסקינדער? — אַז ווען די שטראָמען צוויי
האָט גאָט צעטיילט, בין איך געבליבן צווישן זיי

אויף ווּיסטער טריקעניש פון ניט פאַרוואָרצלט לעבן; —
אַז פרעמד בין איך פון מערק ווי פון דער תּורה,
און ווּיסטע טריקעניש אַליין איז מיין מסורה.

## גאָטס עדות

גאָטס מעשׂיות ווי די אַלטע בערד פון זיידעס
פאַר דיינע אויגן וואַקסן פרום אַרויס
פון געלן ספר פון „וועלט־איין, וועלט־אויס", —
און איך בין זייער וואָרהאַפּטיקער עדות.

אין פרייד פון אויסגעמיטענע אבדות,
נאָך באָרוועס, מיט מיין באָרד, מיין שווים
ביז איבער מיינע לענדן אין אַ שמוים:
דאָס האָב איך נאָך מיט יידן קרבן־תּודות

געבראַכט צום ריינעם שוועל פון זיין מזבח.
און מיט זיין הייליק פייער פון אַ מאָל,
און מיט דעם לוים ציקלדיקן קול,

און מיט דעם קרבנס בלוט — זיין רויך און ריח,
בין איך אין ספר מיט מיין באָרד פאַרקריצט, —
פון אים אַליין פון פעלדז אַרויסגעשניצט.

## צום גוייִשן פּאָעט

אַ יורש פון שעקספּיר, פון פּאַסטעכער און ריטער,
אַז ווייל און ווייל איז דיר, דו גוייִשער פּאָעט!
די ערד איז דיינע, ווו דיין פעטער חזיר טרעט:
זי גיט אים פיטערגראָז און גיט דיין מוזע פיטער.

דו זיץ נאָר ווי דער דראָסל אויף דיין צווייג און צוויטער,
און דיר וועט ענטפערן פון אַלע רוימען העט:
פון פעלד די פולע זעט, די רחבות פון די שטעט,
די פולע שלווה פון געזעטיקטע געמיטער.

און דאָ בין איך, אַ ניט־געדאַרפטער, אַ פּאָעט ביי ייִדן,
געוואַקסן מיטן ווילדגראָז אויף ניט אונדזער ערד
פון זיידעס — מידע וואָגלער מיט פאַרשטויבטע בערד, —

וואָס נערן זיך אויף שטויב פון ספרים און ירידן;
און זינגען זינג איך אויף אַ פרעמדער וועלט די טרערן
פון וואָגלער אין אַ מדבר אונטער פרעמדע שטערן.

# ריחות

אין אַלטע קלויזן שפּירן זיך אַזעלכע טערפּקע ריחות,
ווי אין אַ טהרה־שטיבל אויף אַ הייליק אָרט:
מיט שימל שמעקט דער כּיור און דער קופּער פון דער קוואָרט,
מיט דינעם שטויב און מאָיל דער זיידענער פּרוכת;

די ספרים שמעקן מיט קרבנות און מזבחות
און חלב־ליכט און זיסן יין פון גאָטס וואָרט;
און די געוועלבן מיט די מנורות שמעקן דאָרט
מיט האַרבן זאַלץ פון טרערן פון די אַלטע איכה׳ס.

נאָר פון די ברודנע טישן שפּירסטו אַזאַ זיסן
באַטעמטן ריח, וואָס פאַרשמעקט דיר אַזוי ווויל,
אַז ס׳רינט דיר אין דער באָרד די סלינע פונעם מויל:

דאָס שמעקט אַזוי דער לעקעך־בראָנפן פון בעל־בריתן,
וואָס טיילן נאָכן דאַווענען מיט אַ ברייטער האַנט
פון פאָליש ביזן אויבנאָן אין מזרח־וואַנט.

## קרעמער

ווער קען באַנעמען גאָר דאָס גרויע האַרץ פון קרעמער? —
זיי ווייזן זיך די ערשטע אויפן קילן ראָג
מיט שליסלען אין די הענט אין גרווילעכן פאַרטאָג,
מיט שלאָף נאָך אויף די אַקסלען, שטילע ווי די לעמער.

און ביי די פּאָליצעס און ביי די זעק און עמער
זיי פאַדען אום פאַרהאַוועט דורכן לאַנגן טאָג,
און ציילן רעשטע, לייגן סחורה אויף דער וואָג,
פאַרדבקעט, ווי די דאַוונער הינטער די בעלעמער.

די לעצטע צו כּל נדרי קומען זיי אין שול
מיט אַלע ריחות פון די קראָמען; און צו נעילה
זיי מעסטן דורך די טרערן פון די ליכט און תּפילה

די שויב: צי איז די זון אַריבער שוין איר גבול;
און ווען מען גייט זיך אָפּפּאַסטן — געלויבט זיין נאָמען,
די קרעמער האָבן לאַנג באַלויכטן שוין די קראָמען.

## אליהו הנביא

צי איך געדענק! — איך בין געווען פון גאָט געשלאָגן,
פאַרפרעמדט, מיין אייגענער ברודער האָט מיך ניט דערקענט
און מיט זיין בלינדן האַרץ פון מיר זיך אָפּגעווענדט:
און אויך די האָפענונג — מיר עפּעס צוצוזאָגן —

האָט אויף איר גאָלדענעם וואָגן זיך פאַרבייגעטראָגן,
ווען איך האָב זי גערופן מיט פאַרשעמטע הענט;
און איך געדענק, ווי צו מיין שוועל האָט פרום געגענט
דער הויקער פון מיין גאַס ווי תּמיד מיר צו זאָגן:

„גאָט העלף, מיין פריינט!" — אַ זיפץ טאָן פרום און נעלם ווערן
אין איינעם מיט זיין הויקער. נאָר אין יענעם טאָג
האָט ער מיט פרייד אין קול געטאָן צו מיר אַ זאָג:

„ס'אַ זון איז היינט!... די זון — זי טריקנט אַלע טרערן."
און איך האָב דאָ דערזען אין הויקער זיך אַנטפּלעקן
דעם נביא אליהו מיט זיין באָרד און שטעקן.

## שלאָף פון אַלטע לייט

גענבענטשטער מידער שלאָף פון אַלטע לייט,
קומסט ווי אַ רופא און דו שיכּורסט איין
מיט שלאָפגעטראַנק פון עלטער ווי מיט וויין
דעם אַלטן קאָפּ אין מיטן טאָג. — און ווייט

פאַרגייט די וואָרע וואָר, וואָס שרייט פאַרשייט
מיט טויזנט מיילער; און די זיסע פּיין
פון מידקייט רינט אין יעדן גליד אַריין:
און אַלע יאָרן שלאָפן ביי דיין זייט

אַרום דיין שטול, אַרום דער וויכער שיין
פון טאָג. דאָס אויער הערט נאָר, ווי די צייט
אין זאַטל אויף איר אַלטער קליאַטשע רייט:

די קלויען ציילן: „זיין — און מער ניט זיין."
ביז פאַר דיין שטול די צייט האָט אָפּגעשטעלט
די ווייזערס אויפן זייגער פון דער וועלט.

## אויך דו...

דער מידער זאַטער זומער, ווען ער גרייט זיך שטאַרבן,
האָט יעדער גוטער באַלעבאָס אין צייט שוין לאַנג
אַראָפּגענומען פון זיין פעלד דעם פולן זאַנג,
וואָס וואַרעמט זיך אין שייער אין געקניפּטע גאַרבן;

אין קעלער איז שוין אויך דער עפּל מיט זיין האַרבן
און שאַרפן דופט. איצט שניידט ער וויינטרויב פון דעם שטאַנג —
די הענגלעך פול און שווער. באַלד לאָזט ער אינעם גאַנג
די ווינטמיל. נאָר אַ פולן, אין די געלע פאַרבן,

דעם קירבעס לאָזט ער ליגן לענגער אין זיין בייט
ביז פרעסטלעך: האַלטן פאַר דעם אויג דעם זומער לענגער
ביז שפּעטן האַרבסט, ביז האַרבע ווינטן בלאָזן שטרענגער,

און ווייסער ווינטער ווייזט זיך ביזן קני פאַרשנייט.
אויך דו — אַ טראָפּן פרייד פון דיינע יונגע יאָרן —
פאַרהאַלט אים אויף דער עלטער לענגער אין זכרון.

## צום קינסטלער

גאָט מאַכט אַזעלכע וווּנדערלעכע זאַכן,
און דו, דו זעסט ניט זיינע קלוגע הענט.
אין גדלות פון דיין קונסט ביסטו פאַרבלענדט
און פרוּווסט אַליין גאָטס זאַכן נאָכצומאַכן

אין קאַלטן ליים, אין פאַרב אויף טויטע פלאַכן,
אין קלאַנג, אין וואָרט, און טראַכטסט: דו האָסט דערקענט
דעם סוד פון שאַפן, און האָסט אָפּגעווענדט
דיין אויג פון גאָט, ביז ער וועט אים פאַרמאַכן.

נו, ווייז און מאַך מיט וואָס דו ווילסט דעם שפּערל,
אַט ווי ער קוילערט זיך פון לערן רוים אַרויס
און מיט זיין פּיצל שנאָבל פּיקט ער אויס

פון נייען גראָז אַ פּאַראַיאָריקן — אַ קערל;
און פּיקט אַ ווערעמל אַרויס... איז אָט
מאַך אויך אַ וואָרעם וועדעמל ווי גאָט.

## צו מיין סאָנעט

ניט שעם זיך, מיין סאָנעט, מיט דיינע אַלטע גראַמען,
וואָס איך האָב אויף דער עלטער דיך אַ פּוסטעפּאַס
אַרויסגעפּירט פאַרפּוצט אויף אונדזער ברייטער גאַס.
געדענק נאָר אונדזער יחוס, אַז מירביידע שטאַמען

פון ערלעכע, נאָר ניט רייכע טאַטע־מאַמען:
פון בלאָטיקער קאַבצאַנסק און „בערל מיטן באַס",
וואָס שלעפּט זיך מיט זיין קליאַטשע ייִדיש צום פּאַרנאַס,
זיין רום פון נאָך זיין טויט ביים לעבן ניט פאַרזאַמען.

אוודאי וואָלט איך דיך געקענט פאַרפּוצן שליפּיק
מיט נייע פלינקע גראַמען, וואָס פאַרבלענדן שטאַרק
קאַבצאַנסקע תמעוואַטע טענדלער אויפן מאַרק,

ווי יענע גראַמען־קינצלער פלעכטן אַזוי פּיפּיק. —
איז וויים: אַז יעדער נייער גראַם פון יענע קינצלער
קלינגט פאַלש, ווי די מטבע פונעם פאַלשן מינצלער.

## פאַר מיין שוועל

די קאַץ האָט פאַר מיין שוועל די קעצלעך אָנגעזויגן.
די קעצלעך שלאָפן איין. די מאַמע הערט זיך־צו
צו זייער שלאָף, און אַ באַוואָרנטע אין רו,
זי האָט זיי פון די מיילכלעך ניט אַרויסגעצויגן

די פייכטע ניפּלען, און זי שליסט אין שלאָף די אויגן:
זי הערט נאָר מאַלעגיירען אויפן הויף די קו.
די זון שטייט פול און וואַרעם אויבן ערגעץ וווּ;
און אונטן — איז די ערד לייכט, לייכט אַרויפגעשטויגן

הויך צו דער זון און אויף איר אַקס געבליבן הענגען,
און פון איר שווערער ראָד דאָס דרייען אָפּגעשטעלט.
נאָר איך בין צו מיין שוועל מיט אומרו פון דער וועלט

אַן אָנגעלאָדענער געקומען אומרו ברענגען, —
און אויפגעוועקט די קעצלעך און די קאַץ... און ווידער
די ערד האָט אויף איר שווערער ראָד געדרייט די נידער.

## דער קינסטלער

הייבסט אָן דיין שפּעטן טאָג, ווען אַלע רעדער
אין איינעם מיט דער זונראָד זיינען לאַנג אין גאַנג,
און פייגל האָבן שוין פאַרענדיקט דאָס געזאַנג
צום נייעם טאָג און נישטערן אויף זייער פעדער

דאָס טעגלעך ברויט אין קילן שאָטן פון די סעדער;
און יעדער שכן דיינער שטייט געבוקט שוין לאַנג
אין שווייס פון שטערן מיט דער דלאָט און צוואַנג
צום זאַטן גאָט פון מי אין צוימען פון זיין גדר.

און ווען די רעדער מיט דער זונראָד מיד פאַרשטאַרבן —
פאַלט אויך דיין מידער פענדזל פון דיין מייסטער־האַנט.
דיין אויג מעסט אָפּ די זעונג, וואָס דו האָסט געאַנט

דעם טאָג, דעם לייוונט געבן מיט דער האַפט פון פאַרבן.
און ווי די רו פון אָוונט איז דיין האַרץ מיט רו.
דו וואַשסט דיין פענדזל אויס און דעקסט דעם לייוונט צו.

## דער הונט טאָם/א

מיין שכנס „טאָם", דער אַלטער הונט, דערשמעקט,
אַז איך בין אויפן הויף — און ווי אַ רייף
אָט יאָגט ער זיך צו מיר פון צווייטן הויף.
די אויערן פאַרשאַרצט, ער לויפט און שרעקט

די פייגל אינעם גראָז. אַרויסגעשטרעקט
די רויטע צונג, דער ווידל אין אַ שלייף
פאַרריסן, ער דרייט זיך ווי אַ שרויף
פאַר מיינע פיס און כאַפּט מיין האַנט און לעקט;

און וואַרט, די האַנט זאָל שענקען אים אַ גלעט.
„נו, נאַ... דו ברודער מיינער, אַלטער טאָם!
מיר זיינען אַלע דאָך פון זעלבן שטראָם

פאַרשווענקט אַהער ווי אויף אַ לעצטער ברעט...
און אַלע זוכן מיר אַ האַנט פון אייביק אָן,
וואָס זאָל אונדז ווען ניט ווען אַ צערטל טאָן."

## דער הונט טאָם/ב

טאָם ליגט פאַר מיר. אויף זיינע לאַפּעס צוויי
זיין שמאָלע נאַסע צונג, און ווי איך לויער
צו כאַפּן פליגן, שפּיצט ער אָן אַן אויער
צו מיינע רייד: „רעד ווייטער, איך פאַרשטיי"...

איך ווייס... ווייל יעדן נפש טוט דאָך ווי
זיין עלנט: און ווי דו, מיט אַזאַ טרויער
אין דיינע אויגן, מיט אַ צונג אַ רויער
ווי דיינע, האַלט נאָך שטאָלץ זיין ווייגעשריי

אין שטומעניש. נאָר איך — מיט רייד אַ לאָד —
איך רייד פאַר אַלעמען און פאַר אונדז ביידן
דעם עלנט אַלעמענס אַרויסצוריידן.

און דריי זיך מיט די רייד ווי אין אַ ראָד
צו בילעניש, ווי דו, ווען די לבנה העלט —
און שטיי אַליין ביים אָפּגרונט פון דער וועלט.

# איך האָב געזען דעם טויט

איך האָב געזען דעם טויט אין אַלולדיקע ווינטן.
פֿאַרוואָר: ער איז ביי מיר אין גאָרטן דאָך געווען,
און איך האָב פֿון אַ זייט אין שרעק אַליין געזען,
ווי ער האָט פֿון זיין פֿאַלע זוימען טויט אויף קווינטן

געוואויגן אויף די הענט, ווי אויף אַ בעזעמען,
און מיט די ווינטן עס צעבלאָזן אין די שרינטן,
אין גרינעם גראָז און אויפֿן הויכן נאָך צעגרינטן
געזונטן טאָפּאָל. און ווי פֿון אַ הייסן ברען,

שטייט איצט דער טאָפּאָל אָנגעצונדן צונטער־רויט.
זיין איטלעך בלאַט מיט הייסן קראַנקן קופּער פֿלאַקערט,
מיט טויט ביז דורכן מינדסטן אָדערל צעאַקערט,

און פֿאַלט אין שוים פֿון ערד — די שוועסטער פֿונעם טויט.
דאָס גראָז נאָר, וואָס איך שנייד און טרעט ווי אויף אַ דיל,
איז שטאַרקער פֿונעם טויט: עס גרינט ווי לאַנג עס וויל.

## דו ווייסט נאַר...

ביסט פול און זאַט מיט וווּנדער ווי מיט ברויט,
און זאַט מיט טעג — אַ פולער טייך, וואָס פליסט
פאַרביי דיין אויג אַרום דער ערד און גיסט
מיט לויטער ליכט פון גאָטס נר־תמיד־קנויט.

געגערט פון אים פון וואָרצל ביזן צווייט
מיט כולו גנאָד ווי פון אַ מוטערס בריסט,
האָט ער באַשערט דיין סוף צו ווערן מיסט, —
אַ נעסט דעם בלינדן וואָרעם און דעם טויט.

זיין ווילן וועט דיין חכמה ניט פאַרשטיין.
דו ווייסט נאַר, אַז דו האָסט פאַרזוכט די פרייד
צו זען זיין ליכט — דעם פורפל פון זיין קלייד.

איז ווען זיין ליכט וועט פון דיין אויג פאַרגיין,
פאַרוואַרף דיין קאָפּ פאַר זיין געזאַלבטער זויל
און דאַנק, ביז ערד וועט צודעקן דיין מויל.

## אין שפּיגל

ביסט ווייט. ביסט פרעמד. אין רגעם נאָר אין שפּיגל
דערזע איך דיך ביז גרויסן טרויער קלאָר
פון קין ביז צו די דורכגעגרויטע האָר.
און איך דערקען, אַז פונעם זעלבן טיגל

ביסטו אַרויס ווי איך; און אַז דער זעלבער זיגל
האָט קאַרבן צען — צען פולע שמיטות יאָר
פאַרקריצט אויף אונדזער שטערן; אַז די וואָר,
וואָס איז ניט וואָר, האָט אויף איר פליגל

דיך ווייט פון מיר פאַרטראָגן און אונדז ביידן
צעטיילט, פאַרפרעמדט, ווי אַלטע שונאים צוויי:
די לאַנגע שנאה, וואָס פאַרבינדט נאָך זיי

ביים קבר-שוועל אויך ניט אַראָפּצורײדן;
און פאַר דעם שפּיגל שטיי איך צוגעצויגן
און וואַג ניט קוקן גלייך זיך אין די אויגן.

## חבֿרשאַפֿט

דיין נאָמען וועלקט פֿון דיין מצבֿה־שטיין.
דאָ האָבן פֿולע זיבן זומערס אויפֿגעגרינט
און אויסגעלאָשן זיך אין קילן ווינט.
אַ בערגל שטויב איז איצטער דיין געביין —

אַ הויקער אויף גאָטס ערד; און דאַר און קליין,
איז האַרבסטיק גראָז — דיין באָרד, פֿאַרשפּינט
מיט טויט. נאָר דער, וואָס האָט דיך ליב, געפֿינט
דעם וועג צו דיר. ווייל דער, וואָס האָט אַליין

מיט דיר געטרונקען פֿון דעם זעלבן וויין
פֿון חבֿרשאַפֿט און פֿון דער זעלבער גלאָז,
דער קומט דאָך אַ געטרייער ווי אַ מאָל

צו דיר, צו הערן נאָך אַ מאָל דיין קול.
און דו, דו רעדסט — און יענער האָרכט זיך איין —
און רעדן רעדסטו רייד ווי גראָז צו גראָז.

## שפּערלען

מיט ווינטער אין די ביינער און מיט שניי דער קאָפּ, —
מיט אומעטיקע אויגן, מידע און געטרייע,
באַגרים איך ליב ווי פריינט די שפּערלען — די חבריה,
וואָס קומען שוין אין אדר אויף מיין הויף אַראָפּ.

זיי קומען אין אַ ברייטער טומלדיקער סטאַיע
מיט צוויטשערייען, און צעשיטן זיך האָפּ־האָפּ,
ווי זערנעס אויפן שניי, וואָס רינט אין טראָפּנס אָפּ, —
און רופן, צוויטשערן און פליִען ווייטער פרייע.

איך קוק זיי נאָך פאַרבענקט און וועק מיין האַרץ און מינטער:
— אָט זיינען זיי, די פריינט, וואָס האָבן אין מיין ראָד
געטומלט, ווי די שפּערלען אין אַ קאַראַהאָד,

און האָבן ניט דערלעבט מיט מיר די פרייד פון ווינטער:
זיי זיינען זומערצייט אַוועק נאָך פאַרן שניט,
די פרייד פון זייער זומער האָט זיי ניט פאַרהיט.

# אַ ווונד

אַ שרעק, וואָס האָט קיין נאָמען ניט, האָט מיך דערווייטערט
פון טומלדיקע לייט. פאַרדרייט אין זייער קרייז,
ווי אָפּט פאַרמינער איך אַליין מיין שטאָלץ און פּרייז ! —
ווייל וואָס די יאָרן האָבן אין מיין האַרץ געלייטערט,

דאָס שטאָמל איך פאַר זיי ווויליינגעריש, אויפגעהייטערט,
וואָס פּאַסט גאָר ניט פאַר מיר, אָן אַלטן גרויען גרייז.
זיי שמייכלען. און איך כאַפּ זיך שפּעט, אַז איך באַווייז
מיין ווונד, וואָס איך באַהאַלט — אַ ווונד, וואָס אייטערט.

איז בעסער שוין פאַרקריכן אין אַ העק און וויכן
זיי מיטן טומל זייערן, און אויף מיין שטילן ראָג
אַ שכן צושמייכלען : „גאָט העלף !", „אַ גוטן טאָג !",

און גיין מיין וועג און זיין מיט גראָז ווי מיט אַ גלייכן ;
און לערנען חכמה פון דעם גראָז, וואָס שווייגט און גרינט
און האָרבעט זיך נאָר אונטער טומלדיקן ווינט.

# העלף אונדז, גאָט!

גאָטס טאָג פֿאַרטומלען מיר מיט ריידעריי.
(אָ, העלף אונדז, גאָט, פֿאַרטומלען אונדזער טרויער!)
ווייל ס׳גרייכן ניט צו אונדזער אויג און אויער
די וווּנדער, וואָס זיי שמייכלען אונדז געטריי,

און גייען ווי די רגעס אָפּ פֿאַרביי
און שטאַרבן ניט־דערקענטע אין דער רויער
פֿאַרגעסעניש אויף יענער זייט גאָטס טויער
אין טויט פֿון טאָג. אָ גאָט, רעכטפֿאַרטיק זיי

און גיב אונדז נאַכט, און גיב אונדז שטומען שווייגן
צו אונדזער צונג — פֿון שלאָף דיין גוטע שטראָף,
אַז פֿונעם האַרץ, פֿון טיפֿעניש פֿון שלאָף

דאָס זיפֿצעריי זאָל צו דיין טויער שטייגן:
דאָס זיפֿצעריי — דאָס איז דאָך אונדזער קלאָג
אויף טויטע וווּנדער פֿון דיין יעדן טאָג.

## איין גורל

איין גורל וואַרט אויף אַלעמען: צו שטאַרבן.
און דו פֿאַרשעמסט און לייקנסט טראָציק אָפּ
די פלעקן זילבער אויף דיין אַלטן קאָפּ
און אויף דיין שטערן דיינע קנייטשן־קאַרבן,

ווייל גאווה רייסט זיך פון דיין ענגן שאַרבן,
ווי פון דער שטאַל דער אָגער אין גאַלאָפּ
אין צייט פון ביאה, ווען דער רייפער קראָפּ
פאַרשמעקט דעם האַרבסט מיט ריחות פון די גאַרבן.

פאַרגעסט, אַז וואָס די יונגע כּוחות שענקען —
דאָס האָט די קלוגע עלטער ניט. דערפאַר
פאַרגרייט זי אונדז די פולע מאָס פון שׂכר

צו וויסן צער און ניכטערן געדענקען,
די פרייד פון ריינע אָפּגעשיינטע טעג —
די ציר פון ווערדע אויף דיין לעצטן וועג.

## דער געוויסן

אַט איז די גוטע נאַכט, וואָס וואַרעמט אַלע זינד.
און דאָ איז ער מיט האַרטן מוסר — מיין געוויסן.
אַ וואַכער תּמיד, קומט ער וועקן פון מיין זיסן
און אַלטן האַלבן שלאָף. ער וועקט, ווען קינד און רינד

און פייגל, בלאַט און גרעזל ליגן שטאָק און בלינד
פון שלאָף. ער וועקט און וואַרפט מיר אויף פאַרביסן:
„דו שלאָפסט... און דאַרטן האָט אַ ווילדער וואָלף צעריסן
דיין סטאַדע יונגע טעג — דאָס פריילעכע געזינד...

איך האָב די נאַכט פאַרנומען זייער טויט-געשריי,
אַ כאָרכלעריי, פון ציין דאָס אימהדיקע רייסן! —
אָן ליגן נאָך די ביינער וואַרעמע און ווייסע,

און זאַטיק נאָך דער וואָלף באַלעקט זיך איבער זיי..."
— אָ, מוסרניק! דו האָסט דאָך זיי פאַרצוקט אַליין! —
אַט רינט נאָך פון די טעג דאָס בלוט אויף דיינע ציין!

## אויף וועמען?

אָ, פריינט! ווען איך וועל פון דער וועלט פאַרגיין
מיט שאָטנס פונעם טויט אויף מיינע ברעמען,
וועל איך די גאַנצע וועלט מיט זיך פאַרנעמען
אין קבר אונטער מיין מצבה־שטיין.

איך וועל זי מיט די שטאַרע טויטע ציין
מיט איר פאַרטערטער ערד פאַרקלעמען
אין איינעם מיט די נאָנטע ליבע נעמען,
ווי אַ געשטראָפטער קיינעמס הונט זיין ביין.

וואָדען? צו איבערלאָזן זי אַליין,
אָן מיר? — צו איבערלאָזן זי — אויף וועמען?
די זון וועט דאָך אָן מיר אין טעג זיך שעמען

איר פייער צינדן און אין נעכט צעגיין;
און ווינטן וועלן מער דאָס גראָז ניט קעמען
און אָן אַן אָטעם אייביק בלייבן שטיין.

## ווי זיין געשאַנק

זיין גוטע ברייטע האַנט, וואָס קייקלט די מזלות
אין זייער ברייטן קרייז און קרימט ניט זייער שטעג, —
טיילט אַלע לעבעדיקע זייער חלק טעג
פון זיינע אויסגעשפרייטע רחבותדיקע פאַלעם:

אַזוי פיל טעג אין צאָל די פי אין די סטאַדאָלעם,
אַזוי פיל די אין וואַלד, די חיות אין געיעג;
אַזוי פיל די בני־אדם — שטרויכלער אויף זיין וועג.
אַזוי ווערט דאָך געזאָגט אין ספר הגורלות.

אויך מיר אין פלייש און בלוט האָט ער מיין פולן חלק
מיר צוגעטיילט אין צאָל. און איך בין פול און זאַט
מיט טעג, ווי זומער מיט זיין זאַפט דער פולער בלאַט;

און יעדן נייעם טאָג, וואָס קומט, באַגרים איך הייליק,
ווי זיין געשאַנק; און ווי מיין ערשטער טאָג אין פיין,
וועט אויך מיין לעצטער פון זיין האַנט באַצייכנט זיין.

## שטויב צו שטויב

איך בין מיין לאַנגן לעבן דורכגעגאַנגען
דורך אַלע וועגן גאָטס: דעם ברייטן וועג
פֿון חכמה פשוטער פֿון אַלע טעג;
דעם וועג פֿון הויכן אַנען צו דערלאַנגען

די יענע זייט — דעם וועג וואָס האַלט געפֿאַנגען
די אויגן פֿון דער וועלט אויף יענעם ברעג
פֿון זאַכן; אויך דעם שטרויכלענדיקן שטעג
צו זיך, וואָס ליגט אין בלינדעניש פֿאַרהאַנגען.

איצט שטיי איך אויפֿן וועג, ווו אַלע וועגן
פֿאַרשליסן זיך. דער וועג איז קורץ און שמאָל.
ער פֿירט מיך צו דער נידער פֿונעם טאָל.

דאָ שמייכלט מיר אַן אייביקע אַנטקעגן
די רו. און אַלע חכמות — דריב און דרויב,
איך טרייסל אָפּ פֿון זיך ווי שטויב צו שטויב.

## די זון איז גוט...

די זון איז גוט צו אַלעמען. זי לייכט פֿאַר קינדער
אין גאַס; אויף שוועלן פֿאַר די מידע אַלטע לייט;
פֿאַר וואָגלער אויפֿן וועג, וואָס מעסטן זייער ווייט;
פֿאַר זאַנגען אויפֿן פֿעלד און פֿאַר די שטומע רינדער.

זי איז אַפֿילו גוט צו וועלף, צו אונטערצינדער
און זונות, וואָס זיי קומען מיט דער נאַכט פֿאַרשייט,
ווייל דעמאָלט קערט די זון זיך אָפּ צו מערב־זייט,
און גיט די וועלט אַוועק דער נאַכט מיט אירע זינדער.

די זון איז גוט צו אַלעמען. זי לייכט דאָך אויך
אין צוימען פֿון בית עלמינס איבער טויטע קברים:
דאָס לייכט זי פֿאַר דעם גרעזל און דעם בלינדן וואָרעם

צו הייבן זיי פֿון טויט — פֿון זיין צעיווירטן בויך:
מסתּמא אונדז אין טרייסט גאָטס אַלטן צייכן געבן,
אַז אויך פֿון טויט אַרויס שפּראָצט לעבעדיקע לעבן.

# בלימעלעך, קרענצעלעך

בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט,
גוט איז אונדז איצטער ביים פריילעכן פייער אין הויז!
ביזקל דער נאַפּט אינעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צייט שוין צו ליגן אין וועיכן, אין וואַרעמען בעט". —
וועל איך ביים וואָיען אין קוימען פון נאַכטיקן ווינט
לידעלעך, מעשׂהלעך זינגען, דערציילן מיין קינד.



אין אַזאַ נאַכט האָט אין וועג זיך געלאָזן אַ ייִד.
אונטערן אָרעם אַ זעקל, טויט־הונגעריק, מיד,

נאָר מיט בטחון אין האַרצן צום האר פון דער וועלט,
שלעפּט ער זיך עלנט אין אָפענעם שנייִיקן פעלד.

פעלד הינטער אים און פאַר אים אין דער וויט, אין דער ברייט,
שניי איז אים איבער די קני, און דער וועג איז פאַרווייט,

און ווי אַ פויגל אַ ווילדער טראָגט אום זיך דער ווינט,
הורבעט אָן שניי, גיט אַ דריי אין דער לופט און פאַרשווינדט,

קומט באַלד צוריק, טוט זיין באָרד און די פּאָלעס אַ ריס, —
קוים מיט די כּוחות דער ייִד האַלט זיך איין אויף די פיס.

הייבט אויף דער ייִד צו דעם הימל מיט רחמים זיין בליק:
„גאָטעניו, ברענג דו בשלום אַהיים מיך צוריק!"

נאָר איבער אים איז דער הימל אַ גרויער ווי בליי,
און אַרום אים טראָגט דער ווינט זיך אַ ווילדער און פריי;

הערט ניט דער הימל דעם יידנס געבעט און געשריי,
שטויסט אים דער ווינט און וואַרפט אום אים אַ מידן אין שניי.

אויפשטיין פון שניי האָט שוין מער ניט קיין כּוח דער ייִד,
עפּעס אַ פוילקייט שפּרייט אויס זיך אין איטלעכן גליד,

און דורך די ביינער צעגייט זיך אַ וואַרעמע רו,
אָט, און די אויגן פאַמעלינקע שליסן זיך צו.

פּלוצלונג — ער גלייבט זיך אַליין ניט: — אַ קרעטשמע זאָל זיין?
ס'שלאָגט אין דער נאַכט פון אַ פענצטער אַ פריילעכע שיין;

ס'ריפּעט דער ווינט מיטן טויער, מאַכט צו, עפנט אויף,
שליטנס מיט סחורות געלאָדענע שטייען אין הויף,

און ביי די שליטנס פאַרבונדענע שטייען די פערד,
קייען דעם האָבער און רייסן דעם שניי ביז דער ערד.

פרייט זיך דער ייִד, וואָס דער בורא האָט אין אַזאַ נאַכט
אים צו אַ ישוב, צו מענטשן בשלום געבראַכט.

קלאַפּט ער אין טיר און מען עפנט אים באַלד, — ס'אַראַ פרייד! —
פריינטלעכע יידישע פּנימער, ייִדישע רייד;

איבערן שטוב גיסט דער הענגלאָמפּ אַ ליכטיקייט אויס,
ס'טראָגן זיך ריחות פון טאַבאַק און בראָנפן און שוויים.

גיבן די ייִדן אים „שלום" — פון וואַנען אַ ייִד?"
לאַכט ער: „אַז ער האָט געלאָזט זיך צו פוס פון יריד,

און אַז דער וועג איז געווען אים אַ ביסעלע שווער,
האָט ער געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט געטראָפן אַהער"...

לאָכן די ייִדן מיט אים, נאָר זיי ווערן באַלד שטום...
איטלעכנס האַרץ נעמט אַ גרויסער רחמנות אָרום,

איטלעכנס פּנים ווערט אומעטיק ערנסט פאַרטראַכט: —
„ווי לאָזט אַ ייִד זיך צו פוס גיין אין אַט אַזאַ נאַכט?"

ווערט באַלד דער טיש מיט מאכלים און בראָנפן געגרייט,
וואַשט זיך צום עסן דער ייִד, מאַכט המוציא אויף ברויט;

זאָגט צו די ייִדן „לחיים!" — „לשלום, רב ייִד!"
עסט ער און טרינקט, און אַ זאַטע און וואַרעמע פריד

גיסט זיך, צעגייט אין זיין האַרץ, אַזש דאָס לייב ווערט אים הייס,
ווישט מיט דער האַנט זיך פון פּנים דעם וואַרעמען שווייס.

עסט ער און טרינקט און ער עסט, — ביז עס גייט שוין ניט מער,
בענטשט ער און ס׳לייכט פון זיין אויג אַ גאָטספאַרכטיקע טרער.

איצטער וואָלט ער מיט די ייִדן געשמועסט ביז שפּעט!
אָבער דאָ וואַרט און עס ווינקט אים די פּוכענע בעט,

און זיינע ביינער דערוואַרעמטע גאַרן נאָך רו,
און ווי פון זיך זיינע אויגן האַלב מאַכן זיך צו,

און צו דעם קישן נעמט ציִען און נויגן זיין קאָפּ, —
פאַלט ער אַזוי אין די קליידער אין בעט ווי אַ סנאָפּ.

גוט איז דעם ייִדן אין זיסן, אין טייערן שלאָף...
אָבער אָט הערט ער אין שלאָף אַ געוויין אָן אַ סוף;

און אָט דערזעט ער זיין ווייב מיט די קינדער דאָ שטיין,
און זיי באַוויינען אים לאַנג מיט אַ ביטער געוויין...

נאָר ניט געוויינט האָט זיין ווייב, ניט געוויינט האָט זיין קינד,
נאָר אויפן פעלד איבער אים האָט געיאָמערט דער ווינט.



מאָרגן־פרימאָרגן, ווען שטיל נאָך געשלאָפן איז גאָט,
זיינען שוין גויִים אויף שליטנס געפאָרן אין שטאָט,

האָבן די גויִים געפונען דעם ייִדן פאַרשנייט,
האָבן די גויִים געפונען דעם ייִדן שוין טויט.

האָבן די גויִים זיך אַרום דעם ייִדן צעשטעלט,
האָבן זיין זעקל צעעפנט, געזוכט דאָרטן געלט;

האָבן די גויִים זיין טלית און תּפילין באַטראַכט...
איינער אַ גוי האָט דאָ גראָב אויף אַ קול זיך צעלאַכט —

אָבער די אַנדערע זיינען געשטאַנען אַרום,
און זיך געצלמט, דערשראָקן און פרום...



בלימעלעך, קרענצעלעך מאָלט אויף די שויבן דער פראָסט,
און אין דעם קוימען דער ווינט אַזוי וואָיענדיק בלאָזט.
גוט איז איצט אונדז ביים פריילעכן פייער אין הויז!
ביזקל דער נאָפט אין דעם שטילינקן לעמפּל גייט אויס,
ביזקל דער זייגער טוט ברוגזלעך שעפּטשענען: „שפּעט,
צייט שוין צו ליגן אין וויכן, אין וואַרעמען בעט". —
וועל איך ביים וואָיען אין קוימען פון נאַכטיקן ווינט
מעשׂהלעך, לידעלעך זינגען, דערציילן מיין קינד.

## גזלנים

זומערלעב, זומערלעב,ביימעלעך גרין,
ווינטערלעב — ביימעלעך ווייסע...
אַט, קינדערלעך, זעצט זיך אַוועק אַרום מיר,
איך וועל אייך דערציילן אַ מעשׂה.

און אַז איר וועט שטילינקע זיצן אַזוי,
איז נעם איך די מעשׂה דערציילן:
— עס האָבן צוויי ברידער גזלנים געלעבט
אין פינצטערן וואַלד אין די היילן.

איינער פון זיי איז אַ יונגער געווען,
דער צווייטער — אַן אַלטער, אַ בלינדער;
דער אַלטער פלעגט זיצן און היטן די היים,
דער יונגער פלעגט גיין כאַפּן קינדער.

ער פלעגט אַרוים אין אַ פינצטערער נאַכט,
אַ כאַפּ טאָן אַ קינד און אַנטלויפן
און ברענגען דאָס קינד צו דעם אַלטן אַהיים,
דערנאָך צו ציגיינער פאַרקויפן.

איין מאָל, עס טרעפט אין אַ פינצטערער נאַכט,
אין וואַלד האָט אַ שטורעם געוויטערט:
פון שטורעם געקרעכצט יעדער בוים האָט אין וואַלד,
די היילן אַזש האָבן געציטערט.

זיינען די ברידער גזלנים ביים טיש
פאַרשיכּורט און פריילעך געזעסן,
זיי האָבן געטרונקען דעם טייערסטן וויין,
די בעסטע מאכלים געגעסן.

פלוצעם, זיי הערן אַ קינדערש געוויין
צעגייט זיך, פאַרגייט אינעם שטורעם:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין״ !...
אַ קינדערש געוויין, אַז אַפּילו אַ שטיין
צעגיין וואָלט געקענט פון יסורים.

אָבער די ביידע גזלנים פאַר פרייד
זיי האָבן געטאַנצט און געשפּרונגען:
פאַר זיי האָט דאָס קינדערש געוויין ווי אַ באַרג
ציגיינערשע רענדלעך געקלונגען.

האָט דאָ דער יונגער גענומען אַ האַק,
וואָס איז אויף דער וואַנט דאָרט געהאַנגען,
און איז דורך די היילן צום וואַלד נאָכן קינד
מיט בליציקע אויגן געגאַנגען.

גייט ער אַ שעה און ער גייט אַזוי צוויי, —
און וואָס איז דאָ לאַנג צו דערציילן? —
ער גייט אַזוי אום גאַנצע זיבן מעת-לעת
און קען ניט אַרויס פון די היילן.

און דורך די גאַנצע זיבן מעת-לעת,
מיט שרעק און מיט קינדערשע טרערן
דאָס קינדערש געוויין טראָגט זיך אום דאָ פאַר אים
און וויל גאָר אַנטשוויגן ניט ווערן.

האָט ער די גאַנצע זיבן מעת-לעת
געריסן די היילן, די שטיינער,
אַז ער האָט צעבראָכן די האַק, האָט ער אויך
געריסן מיט בלוטיקע ציינער.

— וואָס איז דערווייל מיטן בלינדן געשען?
— ער איז דאָך אַ שיף אָן אַ רודער!
דער בלינדער האָט שווער גאַנצע זיבן מעת-לעת
געוויינט נאָך זיין יינגערן ברודער;

און אויף דער נאַכט פונעם אַכטן מעת-לעת, —
דער ברודער איז נאָך ניט געקומען, —
האָט ער אַזוי ביטער און שטאַרק זיך צעוויינט,
ביז ער האָט זיין ראיה באַקומען.

איז ער צו זוכן זיין ברודער אַוועק,
געזוכט, ביז ער האָט אים געפונען
אַ גוססן ליגן אין ערגעץ אַ הייל, —
דאָס בלוט איז פון אים נאָך גערונען.

איז ווי ער האָט אים געפונען אַזוי
אין בלוט און אַ גוססן ליגן,
ברעכט פּלוצעם דער גוססער אויס אין געוויין:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין"...
און ווערט באַלד אויף אייביק אַנטשוויגן.

גרוי ווי דער אַלטער איז פריִער געווען, —
פון שרעק איז געוואָרן נאָך גרויער;
און איבערן מת האָט ער זיבן מעת-לעת
געוויינט און באַוויינט אים אין טרויער.

און אויף דער נאַכט פון דעם אַכטן מעת-לעת,
אין וואַלד איז אַ שטורעם געוואָרן,
האָט ער אַזוי ביטער און שטאַרק זיך צעוויינט,
ביז ער האָט די ראיה פאַרלאָרן.

זיצט זיך פון יעמאָלט דער בלינדער און וויינט
און קען ניט אַרויס פון די היילן...
און סוחרים, וואָס פאָרן אין נעכט דורכן וואַלד,
דערשראָקענע נאָך דעם דערציילן:

אַז ווען מען פאָרט דורכן וואַלד אין די נעכט,
אַ קינדערש געוויין קען מען הערן,
אַ קינדערש געוויין, אַז אַ שטיין קען צעגיין:
„מיין מאַמע, מיין מאַמע, איך בלאָנדזשע אַליין"...
און וויל גאָר אַנטשוויגן ניט ווערן.

אָבער דאָס וויינט ניט קיין קינד אינעם וואַלד, —
מען לאָזט ניט אין וועלדער קיין קינדער!
דאָס וויינט גאָר אין וואַלד אין די פינצטערע נעכט
דער אַלטער, דער גזלן דער בלינדער.

זומערלעב, זומערלעב,ביימעלעך גרין,
ווינטערלעב, ביימעלעך ווייסע...
אַ גלעקל אַריין און אַ גלעקל אַרויס,
און דאָס איז דער סוף פון דער מעשׂה.

## אַן אורח

פעלדער און פעלדער פאַרשנייט און פאַרוויִיט
ליגן אויף מײַלן און מײַלן.
האַרט ביי דעם מערב די פּראָסטיקע זון
פלאַקערט אויף זילבערנע זײַלן.
זוניקער אָפּשיין געזילבערט און קאַלט
איבער די שנייען די בלויִקע פאַלט.

און אין גאָטס אָפענער לויטערער ווייט,
און דורך די פעלדער געשניטן
פון דעם געהאַמערטן פערדישן קלוי
און פון דעם סוחרישן שליטן,
ציט זיך אַ שליטוועג געשלענגלט און שמאָל,
פּראָסטיק און גלאַט, ווי געשליפענער שטאָל.

און אויפן שליטוועג געבויגן און מיד,
און אין דער האַנט מיט אַ שטעקן,
און אויף די פּלייצעס אַן אָרעמער זאַק
הויקערט אַראָפּ אין צוויי עקן, —
שלעפּט זיך אַזוי אַ דערפראָרענער ייִד, —
שלעפּט זיך אַ ייִד פון אַ וויַיטן יריד.

שבת פאַלט צו. און דער ייִד איז אין וועג,
הונגעריק, מיד און דערפראָרן.
און די לבנה גייט אויף אויפן וועג
פּראָסטיק און בלייך אין אַ האָרן;
און צו אַ מענטשלעכן ישוב איז ווייט,
און נאָר זיין שאָטן קריכט מיט ביי זיין זייט.

פלוצלונג פון גלעקלעך אַ וויַיטער געקלאַנג,
שניישטויב דעם וועג הייבט אָן שטויבן;

און אין אַ דעמבענעם שליטן געשפּאַנט,
פֿליִען דריי פּערד ווי די לייבן,
שטויבן דעם שניי אין אַ ווילדן גאַלאָפּ.
— טפּרו! — און די פּערד שטעלן ראַפּטאָם זיך אָפּ.

און פֿון דעם שליטן אַ סוחר אַ ייִד
שמייכלט אין פּעלץ זיך צופֿרידן,
און פֿון זיין פּעלץ מיט דער בייטש אין דער האַנט
רופֿט ער אין שליטן דעם ייִדן:
— שבת, ר׳ ייִד! — און דערפֿראָרן און מיד,
קריכט אין דעם שליטן דער אָרעמער ייִד.

— וויאָ! — און די פּערד אַז זיי גיבן אַ רים —
גייט אַזש דער וועג מיט די ווינטן.
און די לבנה — אָט טאַנצט זי ביים זייט,
און אָט פֿאַרלויפֿט זי פֿון הינטן.
אָט... און אַנטקעגן אַ פֿייערל שיינט
וואַרעם און גוט ווי אַ נאָענטער פֿריינט.

אָט — און אָט שטייט שוין אַ קרעטשמע פֿאַר זיי,
אָפֿן און ברייט איז דער טויער;
שבתדיק לייכטן אין פֿענצטער די ליכט,
לייכטן מיט פֿרייד און מיט טרויער.
פֿירט שוין אין שטאַל דער משרת די פּערד.
טרייסלען די ייִדן דעם פֿראָסט פֿון די בערד.

קומען די ייִדן אין קרעטשמע אַריין:
— ייִדן, גוט-שבת אייך, ייִדן! —
שמייכלט צום קרעטשמער דער סוחר דער ייִד,
און רייבט די הענט זיך צופֿרידן:
— אַך, ס׳איז שוין שבת אַ שטיק אין דער נאַכט,
האָב איך דערפֿאַר אונדז אַן אורח געבראַכט!

# אַ ליד פון זיבן ייִדן

פאָרן, פאָרן זיבן ייִדן
אויף ירידן האַנדלען:
פירן ייִדן אויף ירידן
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
נאַכט און רעגן אויף די וועגן,
און די רעדער קלעפּן.
אין דער נאַכט און אינעם רעגן
קוים די פערדלעך שלעפּן.

און די זיבן ייִדן פאָרן אויף די וועגן,
פאָרן, פאָרן, ביז זיי ווילן עסן.
נעמען זיי דעם ברויט פון זעקלעך,
זיפצן אָפּ און מאַכן המוציא,
שיטן אָן מיט זאַלץ און נעמען עסן.
רופט זיך אָפּ איינער פון די זיבן ייִדן:
„גוט וואָלט געווען אַ ביסל בראָנפן...״
זיפצן שטיל די ייִדן און שמייכלען ביטער.
פּלוצלונג — און זיי ווילן די אויגן ניט גלויבן —
אויפן סאַמע מיטן וועג שטייט אַ קרעטשמע,
אַ נייע קרעטשמע מיט ליכטיקע פענצטער.
האָבן זיך די זיבן ייִדן שטאַרק דערשראָקן,
און זיי נעמען שרייען: „שמע ישׂראל!״ —
און ווי נאָר זיי שרייען „שמע ישׂראל״,
הייבן אָן ווינטן פייפן און בלאָזן,
און די קרעטשמע ווערט אין גאַנצן נעלם.

פאָרן זיך די זיבן ייִדן
אויף ירידן האַנדלען:
פירן ייִדן אויף ירידן
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

פאָרן, פאָרן ווייטער די זיבן ייִדן,
און זיי ווילט זיך די זאָרג צו פאַרטרייבן.
שלעפּן זיי אַרוים די ליולקעס פון בוזעם,
די ליולקעס מיטן קיזלשטיין און אייזן,
קרישען אויפן קיזלשטיין דעם אייזן, —
קרישען, קרישען, נאָר ס׳קומט ניט קיין פייער.
רופט זיך אָפּ איינער פון די זיבן ייִדן:
„גוט וואָלט געווען אַ ביסל פייער...״
זיפצן אָפּ די ייִדן און זיי שמייכלען ביטער.
פּלוצלונג — און זיי ווילן די אויגן ניט גלויבן —
אויפן סאַמע מיטן וועג גייט אויף אַ פייער,
און דאָס פייער פלאַקערט ווי אַ שׂרפה.
האָבן זיך די זיבן ייִדן שטאַרק דערשראָקן,
און זיי נעמען שרייען „שמע ישׂראל!״ —
איז ווי נאָר זיי שרייען „שמע ישׂראל״,
הייבן אָן ווינטן פייפן און בלאָזן,
און דאָס פייער ווערט אין גאַנצן נעלם.

פאָרן זיך די זיבן ייִדן
אויף ירידן האַנדלען:
פירן ייִדן אויף ירידן
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
נאַכט און רעגן אויף די וועגן,
און די רעדער קלעפּן.
אין דער נאַכט און אינעם רעגן
קוים די פערדלעך שלעפּן.

פאָרן, פאָרן ווייטער די זיבן ייִדן
טרויעריק, די בערד אַרונטערגעלאָזן.
רופט זיך אָפּ איינער פון די זיבן ייִדן:
„גוט וואָלט געווען די סחורה צו פאַרקויפן״...
זיפצן אָפּ די ייִדן און זיי שמייכלען ביטער.

פלוצלונג — און זיי ווילן די אויגן ניט גלויבן —
אויפֿן סאַמע וועג אַנטקעגן קומען אָן סוחרים,
אין אַ רייכער בויד מיט פערד ווי די אָדלערס;
און די סוחרים גיבן אָפּ „שלום" די ייִדן,
און די סוחרים ריידן מסחר מיט די ייִדן:
„ייִדן, צו וואָס זאָלט איר פֿאָרן אויף ירידן,
אַז מירן ביי אייך קויפֿן די גאַנצע סחורה,
די גאַנצע סחורה — די ראָזשינקעס מיט די מאַנדלען, —
און מירן אייך צאָלן מיט מזומנע רענדלעך"...
האָבן זיך די זיבן ייִדן שטאַרק דערשראָקן,
און זיי נעמען שרייען: „שמע ישׂראל!"
הייבן אָן ווינטן פייפֿן און בלאָזן,
און די סוחרים ווערן אַלע נעלם.

פֿאָרן זיך די זיבן ייִדן
אויף ירידן האַנדלען:
פֿירן ייִדן אויף ירידן
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.
נאַכט און רעגן אויף די וועגן,
און די רעדער קלעפּן.
אין דער נאַכט און אינעם רעגן
קוים די פֿערדלעך שלעפּן.

## פֿאַר גרויס און פֿאַר קליין

— דו גאָלדשמיד דו אַלטער, דו מייסטער געניטער,
אין איידעלער גאָלדענער אַרבעט פֿאַרטאָן,
גיסט גינגאָלד אין טיגלען און פֿײַלסט עס אין שפּיגלען,
דײַן העמערל העמערלט גאָלדענע פֿליטער.
דאָס מאַכסטו דעם קעניג אַ קרוין מיט אַ טראָן?
צי מאַכסטו עס גאָר דער בת־מלכּה דער שיינער,
דער כּלה צום פּרינץ פֿונעם שכנהשן לאַנד,
גאָלדציר אויף איר יופֿע צו גיין צו דער חופּה, —
צום האַלדז איר צופּאַסן אַ טייערן באַנד?
— „ניין, יִנגל, איך שמיד עס פֿון גינגאָלד פֿון ריינעם
אַ גאָלדענע שיף מיט אַ רודער און מאַסט,
מיט זילבערנע זעגל, צעשפּרייט אין אַ סגל,
צו שווימען דעם ים פֿאַר אַ יִנגל אַ קליינעם
צו קומען צו ליבער לבֿנה צו גאַסט".
— אוי, גאָלדשמיד דו אַלטער, דו מייסטער געניטער,
בייז, ווילד איז דער ים, ווען ער שטעלט אָן זײַן קאַם,
און פֿול מיט סכּנה; און ווײַט די לבֿנה, —
איז מאַך זיך דײַן שיף מיט די גאָלדענע פֿליטער;
אַ יִנגל אַליין וועט ניט שווימען דעם ים!
און ווער דאַרף לבֿנות די ימען צו שווימען? —
זי קומט דאָך אַליין אַלע נאַכט אין דער שטיל;
איר נאַרישער פּנים באַלויכט די גזלנים,
וואָס קריכן דורך פֿענצטער און לאָזן אַ סימן
פֿון זייערע מעסערס — דער בליאַסק אויפֿן דיל...
— „אַך, יִנגל דו מיינער, דערשראָקענער העזל,
דאָס ברענגט די לבֿנה דאָך לויטער און ריין
אַ חלום אַ שטילן דעם צער צו פֿאַרשפּילן
פֿאַר קינד און פֿאַר העזל, פֿאַר רינד און פֿאַר גרעזל,
דעם צער איינצושטילן פֿאַר גרויס און פֿאַר קליין".

## דער פרעמדער

קאַלט און פינצטער איז די נאַכט.
טיר און טויער צוגעמאַכט;

פענצטער בלינדע אָן אַ שיין
שטאַרן אין דער נאַכט אַריין.

קאַלט און פינצטער, קאַלט און שפּעט
שלאָפט זיך יעדער אין זיין בעט.

שלאָפן שלאָפט נאָר ניט דער ווינט
און די בילנדיקע הינט.

און דער פרעמדער שלאָפט נאָך ניט,
און מיט וואַקלענדיקע טריט,

און אין שמאַטעס — שטיק אויף שטיק,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריק,

מיט אַ טאָרבע אויף די הענט,
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.

זעט ער ווייט אַ פּאַלאַץ שטיין,
לאָזט ער זיך צום פּאַלאַץ גיין.

ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אינעם פּאַלאַץ אָן:

סטוק-סטוק-סטוק... — ווער קלאַפּט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!

איך בין עלנט אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...

סטוק־סטוק... — פרעמדער, גיי אַוועק,
אונדזער קליינעם קינד ניט וועק,

זאַט און וואַרעם אין ליו־ליו,
שלאָפט זיך אונדזער קינד אין רו...

בייגט דער פרעמדער איין דעם קאָפּ,
קערט זיך פונעם פּאַלאַץ אָפּ.

זעט ער ווייט אַ שטיבל שטיין,
לאָזט ער זיך צום שטיבל גיין.

ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם שטיבל אָן:

סטוק־סטוק־סטוק... — ווער קלאַפּט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!

איך בין עלנט אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...

און דער פרעמדער וואַרט ניט פיל,
עמעץ שאַרט זיך אין דער שטיל

ביי דער טיר און ביי דעם שלאָס.
קומט אַרויס דער באַלעבאָס:

— פרעמדער, פרעמדער, קום אַריין,
וועסט מיין גוטער אורח זיין.

און דער פֿרעמדער בייגט זיך איין,
קריכט אין שטיבל קוים אַריין,

קומט אַריין און אָטעמט שווער,
קוקט אַהין און קוקט אַהער

און ער זאָגט אַרויסעט גלייך:
— ס'אַראַ פֿינצטערניש ביי אייך!

ענטפֿערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפֿן נאַפֿט ניטאָ פֿאַר וואָס.

— וו... וו... ווּ: און קאַלט איז דאָ — אַ גוואַלד,
ממש ווי אין מיטן וואַלד!

ענטפֿערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפֿן האָלץ ניטאָ פֿאַר וואָס.

— הייסט עס, ס'איז ניט פֿריילעך דאָ, —
און קיין ברויט איז אויך ניטאָ?

ענטפֿערט אים דער באַלעבאָס:
— קויפֿן ברויט ניטאָ פֿאַר וואָס;

אָך און וויי צו מיינע זינד,
אַז מיין קליין פֿאַרהונגערט קינד

האָט געוויינט אין אונדזער נויט:
„טאַטע, גיב אַ שטיקל ברויט"!

און אָן כּוחות ליגט ער שטיל
אויפֿן קאַלטן האַרטן דיל...

קראַצט דער פרעמדער זיך דעם קאָפּ,
לאָזט זיך אויפן דיל אַראָפּ,

שפּרייט זיין אַלטע טאַרבע אויס,
און ער זאָגט אַזוי אַרויס:

— אַז ס׳איז פינצטער דאָ און קאַלט
ממש ווי אין מיטן וואַלד,

אַז קיין ברויט איז אויך ניטאָ, —
לייג איך מיר זיך אָט־אָ־דאָ...

און — אָט, תּיכּף, איינס און צוויי,
גיט דער ערשטער האָן אַ קריי.

און ווי נאָר עס קרייט דער האָן,
צינדט דער לאָמפּ אַליין זיך אָן;

און דער אויוון, גוט און פיין,
הייצט מיט האָלץ אַליין זיך איין;

און עס ווערט אַליין דער טיש
פול מיט טעלער, פלייש און פיש,

מיט אַ קוילעטש מיט אַ קייט,
ווי אויף יום־טוב צוגעגרייט.

און דער פרעמדער — אָט געווען,
אָט געווען און אָט געזען, —

פּלוצלונג טוט אַ זאָג און לאַכט:
— באַלעבאָס, אַ גוטע נאַכט! —

און ער פליט, ווי ער איז גרויס,
דורך אַ שפּאַלט פון טיר אַרויס.

— אַי, אַי, נסים, אָדער וואָס? —
קלערט ביי זיך דער באַלעבאָס.

נאָר ער זעט: דער אויוון ברענט,
און דער לאָמפּ באַלייכט די ווענט,

און דער טיש אַ פולער שטייט
מיט מאכלים צוגעגרייט.

טראַכט דער באַלעבאָס ניט פיל,
הייבט ער אויף דאָס קינד פון דיל;

וואַשט מען זיך צום עסן פרום,
זעצט מען זיך ביים טיש אַרום,

עסט מען, בלייבט נאָך וואָס מען האָט,
און מען דאַנקט דעם ליבן גאָט.

און אין דרויסן פייפט דער ווינט,
און עס בילן בייז די הינט.

און אין פּאַלאַץ וויינט דאָס קינד,
וויינט ווי ניט פאַר זיינע זינד.

לויפן די באַדינער אום,
זוכן זיי אַ לאָמפּ אַרום.

טויזנט לאָמפּן דאָרט געווען,
און קיין איינעם ניט צו זען.

זוכט מען, טאַפּט מען דאָ און דאָ,
און קיין לאָמפּ איז אַלץ ניטאָ.

און אַלץ שטאַרקער וויינט דאָס קינד,
וויינט ווי ניט פֿאַר זיינע זינד.

און אין דרויסן פּייפט דער ווינט,
און עס בילן בייז די הינט.

נאָר דעם פרעמדן אַרט עס ניט;
און מיט וואַקלענדיקע טריט,

מיט דער טאָרבע אויף די הענט
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט,

שאַרט ער זיך אַזוי אַוועק
אין דער נאַכט, אין וויטן וועג.

## אַזאַ נס

אין טאָג פון הייליקן שבת
גייען פון שול צוויי באַבעס,
זיי שאַרן מיט זייערע שקראַבעס
און קוואַקען, ווי אַלטע זשאַבעס:

קוואַ־קוואַ, — זאָגט איינע
און קנייטשט איר נאָז אַ פרומע, —
די לעצטע שטאָטישע זונה
איז היינט אין גאָטס הויז געקומען;

זי איז אין גאָטס הויז געקומען,
פון אַלעמען שענער און יינגער,
אין זייד און ריחות פון בלומען
און פינגערלעך אויף יעדן פינגער.

— אוי, און די רביצין זאָל לעבן,
אַ געזונט איר אין אַלע גלידער,
זי האָט איר אַליין געגעבן
איר סטענדער און איר סידור.

און ביי דער רביצינס סטענדער
איז זי אַ פאַרשעמטע געשטאַנען,
אין אַ ריינער צנועה פאַרענדערט —
גאָט איז איר בייגעשטאַנען.

און אויף דער רביצינס סידור
האָבן ריין געטריפט אירע טרערן;
די שכינה אַליין האָט גענידערט
און געשיינט אויף איר ווייסן שטערן.

און די גוטע הענט פון כביכול
האָבן זיך איבער איר קאָפּ געבויגן;
און שיין, ווי מוטער רחל,
איז זי געווען אין אַלעמענס אויגן.

אַזאַ נס! — און ווי אַלטע זשאַבעס
קוואַקען נאָך לאַנג די צוויי באַבעס,
און זיי ווינטשן זיך אַ גוט־שבת
און שאַרן מיט זייערע שקראַבעס.

## די באָבע

אין איר שוואַרצן שטערנטיכל,
מיט די האַלענדער פּערל,
מיט די זילבערנע ברילן
אויף די אַלטינקע אויגן,
איז די באָבע געזעסן
פאַר דער תּחינה מיט פלעקן
פון חלב און טרערן
און מיט אירע אַלטע ליפּן
פאַר זיין כּבוד געבעטן.

און געבעטן פאַר זיין כּבוד
האָבן אירע אַלטע ווערטער:
אַז זיין האַנט, וואָס האָט באַשאַפן
ערד און הימל און שטערן,
זאָל פון אומגליק באַשירמען
זיין דערוויילטן פאָלק ישׂראל
און דערלייזן פון די פעלקער
זיין געוויילטן פאָלק ישׂראל:
און זאָל היילן דעם קראַנקן,
און זאָל טרייסטן דעם געזונטן,
אַז קיין מענטש אין זיין שווערמוט
זאָל ניט אָנקומען צום צווייטן,
אַז אויף דער ערד זאָל די שכינה
תּמיד נידערן: אָמן.

אַזוי האָט די אַלטע באָבע
פאַר זיין כּבוד געבעטן,
און איר טרער איז געפאַלן
אויף דער אָפענער תּחינה.

און זיין האַנט, וואָס האָט באַשאַפֿן
ערד און הימל און שטערן,
האָט באַשירעמט פֿון אומגליק
זיין דערוויילטן פֿאָלק ישׂראל,
און דערלייזט פֿון די פֿעלקער
זיין געוויילטן פֿאָלק ישׂראל:
און געהיילט איז דער קראַנקער,
און געטרייסט איז דער געזונטער,
און קיין מענטש, אַ געבענטשטער,
קומט ניט אָן צו קיין מענטשן;
און די ליכטיקע שכינה
אויף דער ערד האָט גענידערט
און פֿאַרשפּרייט אירע פֿליגל,
אירע הייליקע פֿליגל
אויף דער וועלט און ישׂראל.

די וועלט איז פול מיט ריידן, —
עס רעדט דאָך יעדע זאַך,
און יעדער אויף זיין שטייגער,
און יעדער אויף זיין שפּראַך.
דער וואָלקן רעדט מיט דונער,
די זון מיט פייער־פלאַם;
דער וואַלד מיט גרינעם רוישן,
מיט ברויזן רעדט דער ים.
מיט ברומען רעדט די חיה,
דער פויגל — מיט געזאַנג;
מיט פליסטערן — די קוואַלן,
מיט שאָרכען רעדט די זאַנג;
מיט אַלע טויזנט פאַרבן
און ריחות רעדט די בלום;
די פליגעלע די מינדסטע
רעדט אויך מיט איר געזשום.
דער מענטש נאָר מיט זיין חכמה —
פון אַלעמען די קרוין —
ער רעדט מיט יעדנס לשון,
אויך פונעם שטיין פון פלוין.
אויף זיבעציק לשונות
פאַרשטייט דער מענטש און רעדט,
וואָס נאָר עס הערט זיין אויער,
וואָס נאָר זיין אויג דערזעט.
און ווו אַ פאָלק מיט מענטשן,
איז דאָ אַ שפּראַך ביי זיי:
אין ענגלאַנד רעדט מען ענגליש,
און רוסיש אין ראָסעי;
אין שפּאַניע רעדט מען שפּאַניש,
כינעזיש אין קיטאַי,

וואַלאַכיש אין וואַלאַכיע,
און טערקיש אין טערקיי.
און ייִדן — ריידן ייִדיש
אין אַלע עקן וועלט,
ווו נאָר אַ ייִד אין פרידן
שטעלט אויף זיין רו־געצעלט.
און ייִדן ריידן ייִדיש,
און ייִדיש איז דאָך שיין,
און גרינג אַ צווייטן ייִדן
פאַרשטיין ווי זיך אַליין.

# אין דעם בוך פון וויסן...

קליינע העגטלעך זוכן אין דעם בוך פון וויסן;
וואַנדער איבער ווונדער וואַקסן פון די בלעטער;
בלויע טייכן וואַסער פון לבנה פליסן,
אינדזלען אויף די וואָלקן, פליגלדיקע געטער.

פיש, ווי די לבנות, שלעסער איבער ימען,
שלאַנגען, ווי די פייגל, איבער רעגנבויגן;
מענטשן, ווי די ביימער, אָנגעטאָן אין שטאַמען,
ביימער, ווי די חיות, מילך פון הימל זויגן.

שריפט פון אַלטע צייטן, וואָס די ווינטן שרייבן
איבער די מזלות, איבער אַלע שטעגן,
רעטענישן טיפע, וואָס חכמים קלייבן,
און אין ביכער בלייבן, און וואָס קינדער פרעגן.

## נאָכן שטורעם

דער שטורעם וואַקסט. אַ האַלבער הימל איז אין פֿייער.
דער דונער קנאַלט און ברעכט די ווענט פֿון שטאָט.
נאָר אָט, אָט לייטערט זיך. אַ טאָל, אַ הויף, אַ שייער,
אַ שטיבל, און אין פֿענצטער שבת־ליכט פֿאַר גאָט.

## מיין מאַמע

מיין מאַמע איז אַ שיינע און אַ בלייכע
און אַ ווייסע ווי אַ טויב;
די האָר ווי שניי — צוויי דינע פּאַסמעס
פֿאַלן פֿון איר הויב.

און שבתדיק, אין זייד אין שוואַרצן
גייט זי שטענדיק אָנגעטאָן;
אויף אַ גאָלדן קייטל אויף איר האַרצן
איר כּלה־מעדאַליאָן.

און אויגן האָט מיין מאַמע, גרינע אויגן,
גראָז און זון וואָס רוט;
און אַז זי קוקט אַ מענטשן אין די אויגן,
ווערט יענעם מענטשן גוט.

## דער גראַם

פאַראַן חכמים מענטשן,
וואָס לאַכן פון דעם גראַם;
זיי קרימען אים אַזש איבער:
„גראַם־שטראַם, אַ טאַראַראַם"...

נו, יענע קלוגע מענטשן,
זיי האָבן דאָך אויך פיינט
פון קוואַל דעם ריינעם זילבער,
וואָס מורמלט ווען עס שיינט;

דערפאַר — די קלוגע מענטשן,
זיי לעבן זייער לאַנג,
ווי טויבע אין אַ מדבר,
אָן קלאַנג און אָן געזאַנג.

דאָס פאָלק נאָר און די קינדער,
און דער פּאָעט — דער תּם,
אין פּשוטקייט פון האַרצן
זיי האָבן ליב דעם גראַם.

דאָס פאָלק — זיין ריינע חכמה
איז ווי די וועלט די גרייס,
דורך גראַם צו שיינע ווערטלעך,
זי שיינט נאָך מער אַרויס.

און קינדער — גאָטס רחמנות —
די צונג איז זיי נאָך יונג,
און גראַם — ער וועקט די קוואַלן
פון וואָרט פון זייער צונג.

און דער פּאָעט — דער זינגער —
דער גראַם איז זיין געווער,
צו וועקן ביי חכמים
און טויבע דאָס געהער.

אַז ווען זיי שמייכלען קלוגע
און ווערן תּיכּף מיד
און גענעצן צום שלאָפן
ביים לייענען אַ ליד, —

שפּרינגט אויף דער גראַם אַ פלינקער
גלייך ווי אַ גריל פון גראָז,
און שנעלט זיי איבערן אויער
און שנעלט זיי גלייך אין נאָז...

## דער מאַי

די אַלטע באָבע שמייכלט,
פון דער גאָלדענער זון פאַרבלענדט,
און פאַרשטעלט זיך די אַלטע אויגן
מיט די געלע, געקנייטשטע הענט.

זי מורמלט מיט גוטע ליפּן
און קנייטשט ווי אַ קינד מיט דער נאָז:
דער מאַי מיט די טויזנט זונען
קומט פאַר קינדער, רינדער און גראָז!

## די שׂנאה

אַי־לי, ליו־ליו, ליו־ליע,
אויף איר קרומער קוליע,
אין דער נאַכט אַרום
קריכט די שׂנאה אום.

האָבן האָט די שׂנאה
אויגן — לעכער גרינע,
ציינער — קאַלטער שטאָל,
און אַ בייזן קול.

קרייט זי מיט די הענער,
אויף די הויכע טענער,
וואָיעט מיטן ווינט,
בילט זי מיט די הינט.

הינקט זי איבער גריבער,
שאַרט זיך ביי די שטיבער,
שאַרט זיך און זי שעלט,
שעלט די גאַנצע וועלט.

אַי־לי, ליו־ליו, ליו־ליע,
צו מיין האַרץ זיך טוליע;
מאַמע היט דיך אָפּ,
ווי איר אויג אין קאָפּ,

פון דער בייזער שׂנאה,
פון דער כאַליערינע,
ביז זי פּגרט טויט
ערגעץ ביי אַ פּלויט.

## ניסים...

לידער — כישוף טרייבן
פאַר אַ ליכט, באַזונדער...
וואָרט אין שורה קלייבן,
און אין וואָרט — דאָס וווּנדער.

און אין וווּנדער געבן,
וואָס דעם האַרץ איז נייטיק:
ניסים, ווי דאָס לעבן,
פשוטע ווי ווייטיק.

## אַ זון מיט אַ רעגן

מיט די זילבערנע פיסלעך
לייכט, לייכט און לינד
האָט געטאַנצט דער רעגן
מיטן גאָלדענעם ווינט.

האָט געטאַנצט דער רעגן
אין זיין העלער קרוין
איבער ליכטיקע גאַסן —
איבער עלפנביין,
און פאַרשפּרייט, ווי אַ פּאַווע,
ווייט, הויך אַוועק,
איבער פאַרביקע דעכער
זיין פילפאַרביקן עק.

# שעפעלע שוואַרצע און שעפעלע ווייסע

שלאָף, יינגעלע שלאָף.
דער פאַסטעך פאַרטרייבט זיינע שאָף.

די זון איז אויף ווייטע ימען געלאָפן,
וואַסער טרינקען, די נאַכט אָפּצושלאָפן.

און די לבנה צינדט איר לאַמטערן,
לייכט פאַר די קליינע פאַרבלאָנדזשעטע שטערן.

שטערן זוכן די ליכטיקע טעג,
האָבן פאַרלאָרן דעם ריכטיקן שטעג.

און אונדזער פאַסטעך — אַנטשלאָפן געוואָרן,
צוויי שאָף אין וואַלד אין ווילדן פאַרלאָרן, —

איינע אַ שוואַרצע און איינע אַ ווייסע,
זיי זוכן אַ גוטן סוף פון אַ מעשׂה.

בלאָנדזשען זיי איינזיק אין ווילדן וואַלד,
שרייען אין וואַלד צוויי שעפעלעך: גוואַלד! —

וועקן פון וואַלד די וועלף מיט די בערן.
און די לבנה צינדט איר לאַמטערן,

לייכט ווי דער גוטער סוף פון אַ מעשׂה.
שעפעלע שוואַרצע און שעפעלע ווייסע

ברענגט זי אַהיים, די צוויי קליינע שאָף.
שלאָף, יינגעלע, שלאָף!

## אַ ליד פון ליין

אַי־לי־ליו־לי, שלאָף מיין קינד!
אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
„הינטער בערג בין איך געווען!"

ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
„בלויען ליין האָב איך געזען".

אין לבנהדיקן שיין,
צו דעם אָוונט־שטערן
זיפצט און וויינט דער בלויער ליין
און ער נייגט זיך, בייגט זיך איין
נייגט זיך פון די טרערן:
וואָס וועט פון מיר ווערן?
זאָגט דער אָוונט־שטערן:
לייוונט וועסטו ווערן...

אַי־לי־ליו־לי, שלאָף מיין קינד!
אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

ווינט, ווו ביסטו דאָס געווען?
„בין ביי פענצטער דאָס געווען".

ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזען?
„באָבעם האָב איך דאָרט געזען".

ביי דעם שפּינראָד זיצן זיי
ביזן מאָרגן־שטערן:
רעדל, רעדל, דריי זיך דריי,

זאָל פון ליין, ווי ווייסער שניי,
ווייסער לייוונט ווערן!
שיינט דער מאָרגן־שטערן;
זאָל דער לייוונט ווערן
ווייסער פון די שטערן.

אַי־לי־ליו־לי, שלאָף מיין קינד!
אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועןץ
„בין ביי הייזער דאָס געוועןײ.

ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזעןץ
„מאַמעס האָב איך דאָרט געזעןײ.

פאַר די וויגן, בלייך און מיד,
פאַר דעם שפּעטן שטערן,
זינגען זיי: עס פירט אַ ייִד
ווייסן לייוונט פון יריד,
קויפט מען עס מיט טרערן,
שניידט מען עס מיט שערן...
זינגט דער שפּעטער שטערן:
העמדלעך וועלן ווערן!

אַי־לי־ליו־לי, שלאָף מיין קינד!
אויף די פליגלען קומט דער ווינט.

ווינט, ווו ביסטו דאָס געוועןץ
„בין אין גאַסן דאָס געוועןײ.

ווינט, וואָס האָסטו דאָרט געזעןץ
„קינדער האָב איך דאָרט געזעןײ.

אין די העמדלעך פֿאַרן שיין
פֿון דעם ערשטן שטערן,
טאַנצן קינדער: ליין, ליין, ליין,
הייליק, הייליק זאָלסטו זיין,
אונדז פֿאַר דיינע טרערן, —
לייוונט זאָלסטו ווערן,
פֿון דעם מאָרגן־שטערן
זאָלסטו ווייסער ווערן.

## טונקעלער אָוונט

טונקעלער אָוונט,
רווישיקער ווינט.
שלאָפנקען שלאָפן
גייט אונדזער קינד.

ווינטעלע, ווינטל,
שוואַרצינקער הינטל,
שטאָלענער ציינדל,
מאָגערער ביינדל,

בייזינקע בילער,
דרייענדיק עק.
שטילער, זיי שטילער,
דריי זיך אַוועק.

ווינטל אַנטלאָפן,
דרויסן איז לינד,
איינשלאָפן שלאָפן
וועט אונדזער קינד.

נאַכטיקער ברומען
איבערן שויב,
ברומען געקומען
אימיצנס טויב.

טייבעלע, טייבל,
זילבערנער הייבל,
אייגעלע מיגל,
גאָלדענער פליגל,

רויטינקער פּיסל,
פּורפּולנער עק,
ברום נאָך אַ ביסל,
פלי ניט אַוועק!

פּענצטער איז אָפן,
טייבל איז דאָ.
אייגעלעך שלאָפן
אַ נאַכט מיט אַ שעה.

## טראָג זיך, פֿאַווע!

טראָג זיך, טראָג זיך, פֿאַווע,
איבער ווייטע ימען,
ברענג פֿון מיר גרוסן
צו מיין ליבער מאַמען.

ברענג ניט צו מיין מאַמען
פֿון מיר קיין גרוסן,
בעסער פֿון מיין מזל
זאָל זי גאָר ניט וויסן.

וועט מיין מאַמע וויסן,
וואָס מיר האָט געטראָפֿן,
וועט זי אין גרוים ווייטיק
גאַנצע נעכט ניט שלאָפֿן.

גאַנצע נעכט ניט שלאָפֿן,
גאַנצע טעג ניט עסן,
און איר גרויסן ווייטיק
מיט די טרערן לעשן.

וועלן טרערן לעשן,
אַלט מאַכן איר פּנים,
וועלן פֿון איר לאַכן
אירע בייזע שׂונאים.

# אַ שליטן־אַרויספאָר

שנייעלע ווייסער וועט שיטן און שיטן...
שפּאַן, באַלעגאָלע, דיין פערדל אין שליטן,

איך וועל דיר געלט און אויף בראָנפן נאָך געבן!
היינטיקע נאַכט וויל איך פריילעכער לעבן!

איך וועל די רימענע לייצעס אַ נעם טאָן
און מיטן שליטן דעם שניי אַזאַ קעם טאָן,

אַזש ווי דער טייוול דאָס פערדל זאָל ציִען;
גלעקלעך, גלין־גלין־גלאָן — אַז פליִען איז פליִען!

גלעקלעך און פערדל! — וויאָ! גיכער און גיכער!
מיר וועלן פליִען ווי שדים אין וויכער,

פונקען און שניי־שטויב אין פּנים זאָל שלאָגן!
ווו בלייבן שטיין — וועט מיין האַרץ מיר שוין זאָגן.

## ביים טייך

אויף יענער זייט טייך איז די זון שוין פאַרגאַנגען,
אויף יענער זייט טייך איז אַ מיידל געגאַנגען
מיט בענקשאַפט אין האַרצן און טרערן אין בליק
צו זוכן איר מיידלשן גליק.

און בלימעלעך בלויִנקע זיבן מאָל זיבן
האָט זי ביי דעם שיין פון לבנה געקליבן
און האָט מיטן שטראָם זיי געלאָזן אין טייך:
— שווימט גלייך, מיינע בלימעלעך, גלייך!

שווימט גלייך, ווייט אַהין, ווו די וואַסערלעך רינען,
מסתמא מיין גליק וועט איר דאָרטן געפינען,
און אַז איר וועט דאָרטן געפינען מיין גליק —
שווימט, בלימעלעך, גיכער צוריק!

די נאַכט האָט דעם טייך מיט אַ נעפּל פאַרצויגן.
ביים טייך איז דאָס מיידל געשטאַנען געבויגן
און האָט אין די וואַסערלעך לאַנג, לאַנג געקוקט
און שווער מיט די אַקסלען געצוקט...

די וואַסערלעך זיינען גערונען, גערונען...
די בלימעלעך האָבן דאָרט גאָרנישט געפונען,
קיין בלימעלע איז ניט געקומען צוריק.
וויין, מיידל, דו האָסט ניט קיין גליק!

## דער בעטלער

זיצן דריי שוועסטער ביים פענצטער,
קוקן אַרויס מיט פאַרטרויערטע אויגן
קוקן פון פענצטער אין זינגען:
מזל, ווו ביסטו פאַרפלויגן?

קומט אָן אַ בעטלער: — „גוטן אָוונט,
איך האָב אויף וועגן דעם מזל באַגעגנט...״
און מיט אַ ליכטיקן שמייכל
האָט זיך דער בעטלער געזעגנט.

שטיל און פאַרמאַכט איז דאָס פענצטער.
און ווי עס ציִען אַוועק זיך די וועגן
ערגעץ אין גאָטס ווייטע ווייטן,
זיינען דריי וועגן געלעגן.

זיינען דריי וועגן געלעגן,
שטייען און קלערן דאָרט אַלע דריי שוועסטער:
„ליגן דריי אָפענע וועגן —
וועלכער פון זיי איז דער בעסטער?״

לעשט זיך אין הימל דער שטערן,
באַלד וועט דער מאָרגן אַ גאָלדענער קומען;
און יעדערע שוועסטער באַזונדער
האָט אויף איר וועג זיך פאַרנומען.

גייען די שוועסטער באַזונדער —
ציט יעדער וועג זיך באַזונדער און אָפן.
אויף וועלכן וועג איז דער מזל?
וועלכע פון זיי האָט געטראָפן?

# אוי, כלה לעבן!

אַ זון און אַ רעגן אַ גאָלדענער שפּריצט,
ביים אָפענעם פענצטער די כלהניו זיצט;
געפּוצט ניט אין זיידנס, אין גאָלד ניט געקרוינט,
זי קוקט אויפן רעגן, זי זיצט און זי וויינט.

— אוי כלהניו לעבן, וואָס וויינסטו אַזוי?
— ווי זאָל איך ניט וויינען, דאָס האַרץ טוט מיר ווי;
אַוועק איז מיין חתן, אַוועק איז מיין גליק,
געזאָלט האָט ער קומען און קומט ניט צוריק.

— אוי כלהניו לעבן, אומזיסט איז דיין שרעק, —
אָן קומט דאָך דיין חתן, דאָרט שטויבט זיך דער וועג...
— דאָרט איז ניט מיין חתן, דאָס קומט ניט מיין פרייד,
דאָרט שטויבט זיך דער וועג, ווייל די טשערעדע גייט.

— אוי כלהניו לעבן, דו זעסט ניט אַליין,
אַז דאָרט אויפן בערגל דיין חתן טוט גיין...
— דאָס איז ניט מיין חתן, דאָס איז ניט מיין פרייד,
דאָרט אויפן בערגל אַביימעלע שטייט...

— אוי כלהניו לעבן, ווי זעסט דאָס ניט גלייך,
דאָרט קומט דאָך דיין חתן פון יענער זייט טייך
און גאָלד און בריליאַנטן פון זיבן קאָליר,
דאָרט טראָגט ער די כלה־מתּנות פאַר דיר...

— ניט גאָלד און בריליאַנטן פון זיבן קאָליר,
ניט כלה־מתּנות דאָס טראָגט ער צו מיר;
אויף יענער זייט טייך, אין דער ווייט און דער ברייט,
האָט דער רעגנבויגן זיך ליכטיק פאַרשפּרייט...

אַ זון און דער אָוונט... אַ טויעלע שפּריצט,
ביים אָפענעם פענצטער די כלהניו זיצט;
געפּוצט ניט אין זיידנס, אין גאָלד ניט געקרוינט,
זי וואַרט אויף איר חתן, זי זיצט און זי וויינט...

# אוי, מיידל, מיידל!

אוי, מיידל, מיידל,
טרוי ניט דעם ייִנגל,
נעם ניט זיין גאָלדענעם
טייערן רינגל.

פֿאַלש איז דאָס ייִנגל,
וועט דיך פֿאַרגעסן,
וועט זיך דאָס גאָלדענע
רינגל פֿאַרלעשן.

וועט זיך פֿאַרלעשן,
שוואַרץ וועט עס ווערן
פֿון דיינע זודיקע
מיידלשע טרערן.

## שרייב איך דיר אַ בריוועלע

שרייב איך דיר אַ בריוועלע
אין דעם ווייטן לאַנד,
שרייב איך דיר אַ בריוועלע,
ציטערט מיר מיין האַנט.

שוואַרצינקע ווערטערלעך,
ווייסינקע פּאַפּיר,
און די טרערן פינצטערע
גיס איך אָן אַ שיעור.

קלעפּ איך צו דאָס בריוועלע,
שיק איך עס אַוועק:
שווים זיך, שווים זיך, בריוועלע,
אין דעם ווייטן וועג.

וואַרט איך אויף דיין בריוועלע,
איז מיר זייער שלעכט.
עס איך ניט און טרינק איך ניט
שלאָף איך ניט קיין נעכט.

נעמען זיך גאָר ניט די הענט
עפּעס וואָס צו טאָן;
רק איך וואַרטביים טויערל
אויפן פּאָסטאַליאָן.

ברענגט ער מיר אַ בריוועלע
פון דעם ווייטן לאַנד;
עפן איך דאָס בריוועלע,
ציטערט מיר מיין האַנט.

שוואַרצינקע ווערטערלעך
ווייסינקע פּאַפּיר,
און די טרערן פינצטערע
גים איך אָן אַ שיעור.

## אַ חתונה

קלינגען די פידעלעך,
פּאָרעלעך טאַנצן:
אייגעלעך כּשרע
שיינען און גלאַנצן,

קעפּעלעך דרייען זיך,
הערצעלעך זינגען,
גלייך ווי די פידעלעך
זינגען און קלינגען,

פריילעכער, פריילעכער,
ייִדישע קינדער! —
פּאָרעלעך, מיידעלעך,
דרייט זיך געשווינדער!

זאָל אייך דער אויבערשטער
תּמיד נאָר געבן
שׂמחות אין אייערן
גאַנצענעם לעבן.

אוי, אַז דער אויבערשטער
וועט ניט פאַרגעסן:
אַ ייִדיש טעכטערל
ווערט ניט פאַרזעסן.

# פלאַנצט מיין שוועסטערל אַ גאָרטן

פלאַנצט מיין שוועסטערל אַ גאָרטן,
האַי־האַי! האַי־האַי!
בליִען שיינע בלומען דאָרטן,
האַי־האַי! האַי־האַי!
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערן
אין מיין לעבן אין מיין שווערן,
האַי־האַי, האַי־האַי,
זאָל איך אין דעם גאָרטן קומען,
רוען ביי די שיינע בלומען,
האַי!

גראָבט מיין שוועסטערל אַ ברונען,
האַי־האַי, האַי־האַי,
שיינט דאָס וואַסער, ווי די זונען,
האַי־האַי!
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערן
אין מיין לעבן אין מיין שווערן
האַי־האַי, האַי־האַי,
זאָל איך פאַר דעם ברונען זינקען,
און דאָס פרישע וואַסער טרינקען,
האַי!

נייט מיין שוועסטערל אַ קישן,
האַי־האַי, האַי־האַי,
פוך פון ווייסע גענדז געריסן,
האַי־האַי!
אַז ווען מיר וועט ביטער ווערן
אין מיין לעבן אין מיין שווערן
האַי־האַי, האַי־האַי,
זאָל איך אויפן קישן ליגן
ביז דער טויט וועט מיך פאַרוויגן,
האַי!

# שוועסטערל מײַנע...

— שוועסטערל מײַנע, ווו ביסטו געווען?
— דאָרט ווו די גרינגלעקלעך בליִען...
— אויף מײַנע פעלדער וואָס האָסטו געזען?
— לופטיקע פײגעלעך פליִען...

— לופטיקע פײגעלעך פליִען... וווּהין?
— ערגעץ אין ווײַטערע ערטער,
ברודערל מײַנער! און מיך ציט אַהין,
דאָרט ווו עס ווײנט מײַן באַשערטער...

## שטילע ליכט...

שטילע ליכט און שטילע אויגן
ליפּן פרומע, שטילע.
פאַר די שטילע ליכט געבויגן
שעפּטשעט זי אַ תּפילה,
שטילע תּפילהדיקע ווערטער,
קוים די ליכט נאָר הערן:
— גאָט, איז ער ניט מיין באַשערטער,
וועסט מיר אים באַשערן.
איך וועל פאַר אים קינדער האָבן
כּשרע און פיינע,
מיינע קינדער וועלן האָבן
אויגן שוואַרץ, ווי זיינע.
ער וועט זיצן, לערנען תּורה
שמען וועט זיין נאָמען.
וועסט באַשערן, גוטער בורא?
וועסט באַשערן! — אמן.

# דער סוחרל פון פערל

פליִען די פערדלעך, אין שליטן געשפּאַנט,
קנאַקט ביי דעם סוחר די בייטש אין דער האַנט,
פריילעכע קלינגען די גלעקלעך.

— מיידל, גיי עפן דעם טויער מיר אויף!
לאָז מיך פאַרפאָרן צו אייך אויפן הויף,
איך בין אַ סוחר פון פערל.

— סוחרל יונגער, דו קומסט פון דער ווייט,
און ביסט פאַרפאָרן צו אָרעמע לייט
מיט דיינע פערל צו האַנדלען.

— מיידל, דאָס בין איך פאַרפאָרן צו אייך,
ווייל דיינע עלטערן זיינען דאָך רייך,
מיט אַזאַ פערל — אַ טאָכטער.

— סוחרל קלוגער, דו קומסט פון דער וועלט,
אָבער דו וועסט מיך ניט קויפן פאַר געלט
ביי מיינע טאַטן און מאַמען.

— מיידל, גיי עפן דעם טויער מיר אויף,
לאָז מיך פאַרפאָרן צו אייך אויפן הויף,
מיט דיינע עלטערן ריידן!

— סוחרל גוטער, ניט רייד צו מיר מער,
טרייב ניט אומזיסט דיינע פערדלעך אַהער,
איך בין אַ צווייטנס אַ כלה.

גייען די פערדלעך אין שליטן געשפּאַנט,
הענגט ביי דעם סוחר די בייטש אין דער האַנט,
אומעטיק קלינגען די גלעקלעך...

## אליהו דער קנעכט

טיף אין אַ וואַלד אויף אַ הינערשן פיסל
שטייט זיך אַ שטיבל די גרייס ווי אַ ניסל;
שטייט זיך דאָס שטיבל פאַרוויִט ביי אַ פּלויט, —
וווינט דאָרט אַ ייִד מיט זיין דלות און נויט.

שטייט אויף דער ייִד נאָך אין בלויען באַגינען
ברויט פאַר די קינדער אין מאַרק צו פאַרדינען.
קומט ער אין מאַרק און ער קוקט אויף די ווענט,
קומט ער אַהיים מיט די ליידיקע הענט.

זעט שוין די ווייב, ווי זיי זיינען דאָ אָרעם,
טראָגט זי אין משכּון פון אַלמער די ספרים.
טראָגט זי אין משכּון די לייכטער פון שראַנק,
ביז זי פאַרמשכּנט איר דרשה-געשאַנק.

קינדערלעך קליינע דעם הונגער צו שטילן —
טראָגט זי אין משכּון דעם טלית און תּפילין.
שטעלט זיך דער ייִד אויפן שוועל אין דער ברייט:
— אונדז איז נאָך עפּעס פאַרבליבן אין נויט.

איך בין דער טאַטע און איך בין דער שפּייזער,
גיב מיר אַ זאַק, וועל איך גיין אין די הייזער...
גייט ער אין הייזער און קוקט אויף די ווענט,
קומט ער צוריק מיט די ליידיקע הענט.

קינדערלעך קליינע דעם הונגער צו שטילן,
נעמט שוין די מאַמע דעם טלית און תּפילין.
לאָזט זי דער ייִד פונעם שטיבל ניט גיין,
שטייט ער ביים שוועל מיט אַ ביטער געוויין:

— האָב זיך, מיין ווייב, איבער הייזער געטריבן;
אין אונדזער נויט איז נאָך עפּעס פאַרבליבן:
פיר פּאָר אַ קנעכט מיך פאַרקויפן אין מאַרק,
איך בין געזונט און מיין כּוח איז שטאַרק.

ווערט אין דער שטוב אַ גרויסע יללה:
נעמט אים די ווייב פאַר אַן עק פון זיין פּאָלע,
פירט פאַר אַ קנעכט צו פאַרקויפן איר מאַן.
גייט ער איר נאָך אויף אַן אייל מיט אַ שפּאַן.

און אויפן מאַרק — מיט די רענדלעך אויף טאַצן,
שטייען די סוחרים און דינגען און שאַצן,
קויפן זיך קנעכט און פאַרקויפן די קנעכט,
צאָלן מיט רענדלעך מזומן און עכט...

טראַכטן־באַטראַכטן די סוחרים דעם ייִדן.
בעט זיך די ווייב: בין אַ רענדל צופרידן...
— אויך מיר אַ סחורה! — פאַרדאַרט ווי אַ שטרוי,
ווערט איז דיין קנעכט נאָר די שאָל פון אַן איי!

גייען זיי ביידע אַהיים צו די קינדער,
גייען זיי ביידע ווי עלנדע רינדער,
זיצן זיי ביידע ביים וואַלד אויפן וועג,
וויינען זיי ביטער אויף זייערע טעג.

האָט אליהו דאָס וויינען פאַרנומען,
איז ער פון ווייטע נסיעות געקומען,
באָרוועס און יונג, אין אַ גוייִשער העמד,
קענטיק אַ מענטש, וואָס ער קומט פון דער פרעמד.

טרייסט ער זיי ביידן, די שווערע געמיטער:
— פינצטער דעם טויטן, דעם אביון איז ביטער,

איר וועט נאָך לעבן אין נחת און גליק...
און ער נעמט שלעפּן פון בוזעם אַ שטריק.

— איך בין אַ קנעכט פון מיין האַרן אַנטלאָפן,
טעג ניט געגעסן און נעכט ניט געשלאָפן,
טאָמער אין פאַנג וועט מיך האָבן מיין האַר,
וועל איך שוין האָבן מיין פינצטערן שׂכר.

נעמט אָט די שטריק און פאַרבינדט אין צוויי שלייפן,
פירט מיך אין מאַרק פאַר אַ קנעכט צו פאַרקויפן,
לאָזט זיך ניט נאַרן, ווייל גרוים איז מיין ווערט,
מיר איז דאָך סיי ווי מיין קנעכטשאַפט באַשערט!

בינדן זיי ביידע די שטריק אין צוויי שלייפן,
פירן זיי ביידע דעם קנעכט צו פאַרקויפן:
איין מאָל אַ קנעכט! — האָט דערפרייט זיך דער מאַרק:
דעמבעם די הענט און פון אייזן דער קאַרק.

האָבן די סוחרים זיך לאַנג ניט געדונגען,
האָבן די גאָלדענע רענדלעך געקלונגען,
און פאַרן קנעכט האָט מען תּיכּף באַצאָלט,
וויפיל דער ייִד מיטן ווייב האָט געוואָלט.

## ווען אליהו הנביא
## איז געגאַנגען אין פעלד

ווען אליהו הנביא איז אין פעלד געגאַנגען,
האָבן פון פרייד געציטערט אין פעלד די זאַנגען,
און אין פאַרכט די קעפּ צו דער ערד גענייגט,
און אין שטויב צו דעם נביאס טריט זיך געלייגט.

און ניט נאָר די זאַנגען, — נאָר אויך די גראָזן, —
דאָס ווילדגראָז, וואָס וואַקסטביים וועג פאַרלאָזן,
פון אַ מענטשנס האַנט ניט געזייט, ניט געהיט,
האָבן אויך זיך גענייגט צו דעם נביאס טריט.

איז אליהו דאָ שטיין אינעם פעלד געבליבן,
און געבענטשט די זאַנגען מיט אַ וואָרט אַ ליבן:
„שטייט אויף, הייבט הויך אייער שיינע קרוין,
און צייטיקט אין לויטערן גאָלד און ברוין;

דער מענטש האָט אין מי אויף אייך אַכטונג געגעבן,
און גאָט אין זיין גנאָד זעטיקט מיט לעבן,
מיט זון און מיט זאַפט אייער שויט און צווייט —
צו זיין פאַר גאָטס קינדער דאָס הייליקע ברויט".

און דער נביא האָט דאָ מיט אַ וואָרט אַ זיסן
געטאָן אויך דעם שפּלן ווילדגראָז באַגריסן:
„דו קראָפּעוועע בייזע, דו ווערמוט, פּאָלין,
וואָס די ביטערקייט יוירט אונטער אייער גרין,

שטייט אויף און שטויבט אָפּ אייער גרינעם קאַפּטן!
גאָט האָט אין די אָדערן ביטערע זאַפטן
געגאָסן אין אייך, אַז אין פּיין און זינד
זאָלט איר זיין אַ רפואה פאַר מענטש און רינד!"

# אליהו הנביא גיט עסן די טויבן

אין דער שעה, ווען דער צער און די צרה
פֿאַרלירן די שליטה אויף מענטשן,
קומט צו גיין אויפֿן מאַרק אליהו,
דער נביא פֿון טרייסט און פֿון רחמים,
אויף דער פּלייצע אַ זעקל מיט גרויפּן,
געבן עסן אין מאַרק אַלע טויבן.

— קומט אַהער, אַלע פֿאַרכטיקע טויבן,
קומט, איר הייליקע פֿייגל פֿון פֿרידן! —
און ער שיט אויף דער ערד, ווי אַ זייער,
פֿון זיין זעקל מיט פֿולינקע הויפֿנס
פֿאַר די טויבן די ברוינלעכע גרויפּן.

קומען אָן פֿונעם מאַרק אַלע טויבן,
זיי קומען מיט פֿאַרכטיקע ברומען,
און זיי רינגלען אַרום אליהון,
און זיי קלייבן די ברוינלעכע גרויפּן,
און זיי פֿלאַטערן אויף זיינע אַקסלען.

און אַז פּלוצעם פֿאַרנעמט אליהו
פֿון ערגעץ אַ רוף פֿון סכּנה,
טרייבט ער אָפּ מיטן זעקל די טויבן,
טוט זיין באָרד אין דער זון נאָר אַ טרייסל,
און ווערט נעלם פֿון מאַרק אין די ווייטן.

# אליהו אין בית־מדרש

ייִדן זיצן אין בית-מדרש, לערנען תּורה אויף אַ קול.
און אַ ייִד, וואָס קען ניט לערנען, זיצט און האָרכט ווי אַלע מאָל.

אויפן טיש אַ ליכטל רויכערט, וויגט די שאָטנס אויף די ווענט,
לויכט אויף אַלטע געלע ספרים, אויף די אַלטע בערד און הענט.

און אין דרויסן דרייען ווינטן, דרייען שניי און טויטע קעלט.
נאָר די ייִדן לערנען תּורה — רוען אין אַן אַנדער וועלט.

עפנט זיך די טיר פון פּאָליש. ווי אַ בעטלער, אין דער שטיל
שאַרט אַריין זיך אליהו, לייגט זיין טאָרבע אויפן דיל.

זעצט זיך ביי דעם אַלטן אויוון, וואַרעמט זיך די קאַלטע פיס,
הערט זיך צו ווי ייִדן לערנען, און זיין פּנים שמייכלט זיס:

— לערנט, לערנט, פרומע ייִדן, תּורה איז די לוין אַליין...
פלוצלונג שטעלט ער אָן אַן אויער און פאַרנעמט אַ שטיל געוויין.

ניט קיין חיה וויינט אין דרויסן — אין יסורים און אין זינד
וויים פאַר מיילן אין אַ שטיבל וויינט אַ פרוי, וואָס גייט צו־קינד.

שאַרט ער זיך אַוועק פון אויוון, נעמט זיין טאָרבע פונעם דיל,
שטיל ווי ער איז אָנגעקומען, ווערט ער נעלם אין דער שטיל.

מיט דער טאָרבע אויף דער פּלייצע לאָזט זיך אליהו גיין,
און אין שניי און אין די ווינטן גייט ער נאָך דאָס שטיל געוויין.

קומט ער צו אַן אָרעם שטיבל. אין יסורים און אין זינד,
אָן אַ היטער, אָן אַ טרייסטער גייט אַ יונגע פרוי צו־קינד.

גייט ער צו די פרעמדע שטיבער — ווי אַ פּאַסטעך רופט די שאָף;
קלאַפּט ער אין די פרעמדע פענצטער, וועקט די ווייבער פונעם שלאָף.

און די ווייבער פון די שטיבער אין דער פינצטער נעמען גיין,
טראָגן טרייסט צו יענעם שטיבל, איינצושטילן דאָס געוויין.

און אין דרויסן דרייען ווינטן, דרייען שניי און טויטע קעלט.
און די ייִדן לערנען תּורה, רוען אין אַן אַנדער וועלט.

## אליהו הנביא

פול זיינע אויגן מיט ליבשאַפט און טרויער,
און אויף די ליפּן אַ שמייכל אַ ליבער,
און אין אַ פּעלצל פאַרשטעלט ווי אַ פּויער, —
גייט אליהו דורך אָרעמע שטיבער.

האָבן די בליצן געפלאַקערט ווי שלאַנגען,
דונערן האָבן געברומט ווי די לייבן,
איז צו דעם וואַלד אליהו געגאַנגען,
הויך זיינע הענט צו דעם הימל געהויבן.

— ביימער און חיות און הימלען און תהומען,
מענטשן און ווערעם געאַכפּערט און הייליק!
זינגט אַ געזאַנג צו זיין אייביקן נאָמען!
קדוש — אַז הייליק, אַז הייליק, אַז הייליק!

גייט ער אין וואַלד ניט אויף מענטשישע שטעגן.
ברענט דאָרט אַ בוים, פון אַ דונער געטראָפן.
ליגט דאָרט אַ וואָלף, פון דעם דונער — ווי רעגן
לעבעדיק בלוט פון זיין ווונד איז געלאָפן.

— ער האָט פאַר פייער באַשאַפן די ביימער,
וואַרעמקייט געבן דער וועלט מיט די קינדער;
ער האָט באַשאַפן דעם וואָלף מיט דעם שומר
פּרוּוון די שטילינקע שאָף מיט די רינדער!

וועלפעלע, וויין ניט, דו בייזינקער פעטער!
גלעט ער דעם קראַנקן און שטילט זיינע ווונדן,
און מיט אַ קרייטעך און הייליקע בלעטער
האָט ער די אָפענע ווונדן פאַרבונדן.

און פֿאַרן וואָלף שטייט ער לאַנג נאָך געבויגן.
בענטשט אים און ווינטשט, אַז געזונט זאָל ער ווערן.
און ביי דעם וואָלף — ניט קיין וועלפּישע אויגן,
ווי ביי אַ קינד מיט געלייטערטע טרערן.

און אין אַ פּעלצל, פֿאַרשטעלט ווי אַ פּויער,
און אויף די ליפּן אַ שמייכל אַ ליבער,
פֿול זיינע אויגן מיט ליבשאַפֿט און טרויער,
גייט אליהו צוריק צו די שטיבער.

## הינטער כעלעם

הינטער כעלעם מיטן וועג
בין איך אויף מיין פערד געלאָפן
צו דעם לאַנד פון אַלטע טעג,
וווּ די אַלטע וווּנדער שלאָפן.

טראָגט מיין פערד מיך אין גאַלאָפּ,
און מיר קומען צו אַ גרענעץ.
שפּרינג איך מיר פון פערד אַראָפּ,
גיב איך מיר מיין ברייטן געגעץ.

ווי איך געגעץ אַזוי ברייט,
טרעטן אָפּ פאַר מיר די ביימער,
גיט אַ קלונג אַן אַלטע קייט,
קומט אַרויס אַן אַלטער שומר.

שליסלען האַלט ער אין איין האַנט
אין דער צווייטער אַ לאַמטערן:
— „זיי אַ גאַסט אין אונדזער לאַנד,
נאָר דעם שלאָף זאָלסט אונדז ניט שטערן.

גיב נאָר דריי געציילטע טריט,
וועט קיין בייז דיין האַרץ ניט שרעקן.
קוק און היט זיך, געגעץ ניט,
זאָלסט די וווּנדער נאָר ניט וועקן"...

גיב איך נאָר דעם ערשטן טראָט,
גייען וווּנדער פאַר די אויגן:
ליגט אַ שלאָפעדיקע שטאָט
אין אַ נאַכט פון רעגנבויגן.

רעגנבויגן, שלאָף און רו —
פון דער וועלט די זיסע פריידן.
און די שטאָט קומט נאָענט צו,
ווי דער גאָרטן פון גן־עדן...

מענטשן וואַקסן פון דער ערד
מיט דיביימער פון די שטאַמען,
גרינע עקדישן די בערד,
פּאות ווי די רויטע קאַמען.

אויגן — פולע טייכן שלאָף,
ברעמען — דורכגעברענטע דערנער,
פון די שטערנס, ווי ביי שאָף,
גאָלדענע געדרייטע הערנער.

און די ווייבער וואַקסן זיי,
ווי די צווייגן פון די ריפּן.
ברעמען — זילבערנע ווי פּיי,
תּחינות — האָניק אויף די ליפּן.

אויגן — פולע טייכן שלאָף,
שיפּן גאָלדענע — די הויבן,
בלויע אייטערס ווי ביי שאָף,
העלדזער פרומע ווי ביי טויבן.

און ביי מאַמעס פאַר די פיס
הענגען קינדער ווי אויף צווייגן,
ווי די זיסע פּוטער־ניס,
ווי די מילגרוימען און פייגן.

אויגן — פולע טייכן שלאָף.
בלוט און צוקער אויף די בעקלעך,
קלויען־פיסלעך ווי ביי שאָף,
פון די הינטנס — ציגן־עקלעך.

שלאָפן אַלע. שלאָפט דער ווינט.
די לבנה אויסגעהאַנגען.
זיי צוקאָפּנס היטן הינט,
זיי צופוסנס היטן שלאַנגען.

נאָר די חיות שלאָפן ניט,
ווי די גוטע שומרים וואַכן,
גייען אום מיט הוילע טריט,
ניט דעם מינדסטן רויש צו מאַכן.

מויז און וואָלף און בער און האָז,
לעמפּערט, ווילדער און קאָטער
טראָגן שטריימלעך ביז דער נאָז,
זשופּיצעס פון פּיפּערנאָטער.

און די חיות גייען אום,
ניט צו ברומען און פאַרצוקן, —
פון סידורים דאַווענען פרום,
און אויף דער לבנה קוקן.

גיב איך נאָך אַ צווייטן טראָט,
לויפן ווונדער פאַר די אויגן:
רויטע הענער אויף דער שטאָט
צינדן טאָג פון רעגנבויגן.

אויגן — פולע טייכן פרייד
אָפּן אין אַ הוילן חלום.
שירה גיסט זיך אין די רייד,
אין די טריט — גענאָד און שלום:

מענטש ווי חיה וואַכן אויף.
שאַלט אַ שירה פון דער ווייטן.
אַלע קוקן הויך, אַרויף,
ווי אַ רייטער קומט צו רייטן.

אַלע שטרעקן אויס די הענט,
ווערן הענט ווי ווייסע פליגלען
אין אַ ליכט, וואָס הייליק ברענט,
טאַנצן אַלע איבער היגלען.

זינגט מען הלל אויף אַ קול
אַלע חיות זאָגן — אָמן.
ציטערט היגל, באַרג און טאָל
פון די הימלען ביז די תּהומען.

רייט דער רייטער מיט זיין שווערד
אין זיין קלייד זיין פורפל־בלויען,
אויף זיין ריינעם ווייסן פערד
מיט די פייערדיקע קלויען.

טויבן ווייסער פון דעם שניי
פלאַטערן פאַר אים און ברומען.
איז דער רייטער גלייך צו זיי
אין דער שטאָט אַראָפּגעקומען.

גיב איך נאָר דעם דריטן טראַט,
ווייען וווּנדער פאַר די אויגן:
ווי אין חלום פאַלט די שטאָט
אין אַ שלאָף פון רעגנבויגן.

אַלע שלאָפן. שלאָפט דער ווינט.
די לבנה אויסגעהאַנגען.
זיי צוקאָפּנס היטן הינט,
זיי צופוסנס היטן שלאַנגען.

און דער רייטער מיט זיין שווערד
בלייבט אין טיפן שלאָף פאַרשלאָסן;
שלאָפט פאַרגליווערט אויף זיין פערד,
ווי פון ריינעם גאָלד געגאָסן.

נאָר די חיות שלאָפן ניט,
ווי די גוטע שומרים וואַכן.
גייען אום מיט שטילע טריט,
ניט דעם מינדסטן רויש צו מאַכן.

נאָר די חיות גייען אום
ניט צו ברומען און פאַרצוקן, —
פון סידורים דאַווענען פרום,
און אויף דער לבנה קוקן.

גיב איך נאָך אַ פערטן טראַט, —
ניט געשטויגן, פייל פון בויגן
איז די וווּנדערלעכע שטאָט
ניט געוואָרן פאַר די אויגן.

בלייב איך איינער אין אַ וואַלד,
גיב איך מיר מיין ברייטן געגעץ,
קומט דער אַלטער שומר באַלד
און באַגלייט מיך ביז דער גרענעץ.

שליסלען האַלט ער אין איין האַנט,
אין דער צווייטער אַ לאַמטערן:
גיי, פאַרגעס אויף אונדזער לאַנד! —
גיט ער מיר אַ שנעל אין שטערן.

ווונדער וואָס איך האָב געזען,
האָב איך מיטן שנעל פאַרגעסן,
הונגעריק בין איך געווען,
אַ מעת־לעת אַז ניט געגעסן.

בלייב איך אין דער נאַכט אַליין.
און מיין פערד איז ערגעץ נעלם.
איז ווי זאָל איך איצטער גיין
מיטן וועג צו פוס קיין כעלעם?

ווי איך שטיי אַזוי און טראַכט,
קומט צו מיר מיין פערד צו לויפן.
און מיר פליִען אין דער נאַכט.
פליִען מיילן ווי די רייפן.

כאָטש מיין שטערן טראָגט דעם סימן
פון דעם שנעל — דאָס קאָן מען זען...
קאָן איך איצט זיך דאָך באַרימען,
וואָס איך האָב דאָרטן געזען.

# אינהאַלט

## מאַני לייב דער ליריקער



## 1919—1907

## 1930—1920

## 1930—1920

## 1940—1930

## 1953—1940

## סאָנעטן

## ווּנדער איבער ווּנדער

## פאָלקסטימלעכע לידער און באַלאַדן